# יודישע אילוסטרירטע צייטונג



Żydowska gazeta illustrowana.

Wychodzi każdego piątku.

Prenumerata wynosi: Rocznie 10 K. = 5 Rbs. Półrocznie 5 K. = 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs.

Pojedynczy egzemplarz 20 h. = 10 Kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.



Jüdische Illustrierte Zeitung.

ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראָנען, 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען = 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראָנען, = 1.50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער 10 קאפ.

אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראַנק, האלביעהריג 7.50 פיערטעליעהריג 4 פראנק.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראדזקא 62. טעלעפאן נר' 412.

עסטרר. פאסטשפארקאסען־קאנטא נר' 57,341.

הויפטפערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, כמיעלנא נר 49. פיליע אין לאדז: פרזעיאזד נר' 16

הויפטפערטרעטונג פאר רומעניען: דאוויד הערצבערג, יאסי, סטר. סאראריע נר' 151.


## בלוטיגע קעמפפע איז א שפיעל־באנק.

ביי א קאמפף אין א שפיעל־באנק אין שפאניען ווערען 3 מענשען געטעדטעט און 5 פערוואונדעט.

**אינהאלט: א יודישער אדוואקאט איז ביעליץ ערמארדעט. דער זעלבסטמארד פון ראטהשילד'ס זוהן. די רעוואלוציע איז פערזיען.**





א יודישער אדוואקאט ערמאָרדעט : דר. סאַמועל האַלבּרייך ווערד אויפגעפונען ערמאָרדעט אין זיין שלאַפצימער.

# בלוטיגע קעמפפע איז א שפּיעלבּאַנק.

די שפּיעלבּאַנק אין מאנטעקאַ־לאָ האט שוין נישט איין מענשליך קרבּן נעפאָדערט. אויף דעם ראַרטינגען פריעדהויף איז בּעשטימט אַ בּעזונדער אָרט פאר די זעלבּסטמערדער, וואס, פערליערענדיג זייער גאַנץ פערמעגען אין דעם שפּיעל־גיהנם, בּלייבּט זיי נישט אַנדערש איבּ־יג ווי דער טוידט. און דיעזער פריעדהויף איז זעהר שטארק בּעזעצט...

אַנ׳אַנדערע א־ט קרבּנות האט פאַרינגע וואָך גע־פאָדערט א שפּיעל־בּאנק אין מארין (שפּאַניען). יענע שפּיעל־בּאנק איז אַ געהיימע, נישט קאנצעסיאָנירטע, אפּער טראָצדעם האט זי תמיד געהאַט נענוג געסט, וועלכע פלעגען דאָ־ט איבּערלאָזען זייערע קרייצערס און אַרויסגעהען „נקי׳“...

די נרינדער פון דער בּאנק האבּען זיך אבּער נישט בּעגנוגט מיט׳ן „מזל״ אַליין, זיי פלעגען אויך צוהעלפען דורך א בּיסעל שווינדעל, אויסצוליידינען די קעשענעס פון די רייכע געסט, וואס ווייערע אַנטען האבּען צוזאַמענגעטריבּען פון אַלע וועלט־עקען.

פאַרינגען דאָנערסטאַג האט מען אויף דעם געווענ־ליכען אופן אַריינגענאַרט צוויי אַמעריקאַנער, וועלכע האבּען אין אַ קורצע צייט אַניערערגעלענט זייער גאַנץ פערמעגען.

צו שפּעט האָבּען זיי דערקענט, אז דאס גאַנצע שפּיעל איז א שווינדעל און פערלאַנגען דאס געלד צוריק.

די איינענטהימער פון דער בּאַנק אײַלען זיך אבּער נישט. די אַמעריקאַנער ציעהען אַ־ויס געלאַדענע רעוואָלווערס, די בּאנק־האַלטער ציעהען אויך געלאַדענע פיסטוילען און אין די נעכסטע סעקונדען פאַלען ש־סע פון בּיידע זייטען.

די פּאָליציי איז בּאלד דורך די איבּרינע געסט אַלאַרמירט געוואָרען. ווען זי קומט אַריין, ליעגען שוין דריי טוידטע און פינף שווער פערלעצטע אויף דער ערד . . .

די בּיידע אַמעריקאַנער זענען דערווייל אנטלאפען און מען ווייסט נישט, וואו זייער שפּור איז אַהינגעקומען. די פּאָליציי האט צוגענומען 15000 פּ־אַנקס און פּער־האַפטעט די איינענטהימער פון דער בּאַנק.

די נעטערטעטע און פערוואונדעטע זענען פרעמדע מענשען, „געסט״ פון דעם שפּיעל־גיהנם.

מיר בּ־ענגען אין אונזער הײַנטיגער נומער א אָריגינעל בּילד, פארשטעלענדיג דעם בּלוטיגען קאַמפף אין דער שפּיעל־בּאנק, לויט א אָריגינעלער צייכנונג.

# א יודישער אדוואַקאַט ערמאָרדעט.

אַ שרעקליך ערייגניס איז פאַ־ינע וואָך פאָרגע־קומען אין בּיעליטץ (עסטערריי־כיש־שלעזיען). דער ראַ־טינע זעהר בּעליעבּטע און נעאַכטעטע אַדוואקאַט דר. סאַמועל האַלבּרייך איז אין דער נאַכט פון דיענסטאַג אויף מיט־וואָך ערמאָרדעט געוואָרען אין זיין שלאַפצימער.

דר. האַלבּרייך האט געוואוינט אין דער שלאָס־נאַס נו׳ 8, אינטען אים פּארטער נעפינט זיך זיין קאַנצליי, אויבּען אַם ערשטען שטאק זיין פּריוואַט־וואָהנונג. זיין פרוי מיט די קינדער זענען געווען אין האהענעלבּע אויף ערהאָלונג און דר. האַלבּרייך איז געבּליעבּען אַליין צו הויז, בּלויז מיט׳ן דיענסט־מעדעל. דאס שלאַפצימער געהט אַרויס אין גאַרטען אַריין, וועהרענד די צימער פונ׳ם דיענסט־מעדעל געפינט זיך אין דער אנדערער זייט פונ׳ם הויז.

דר. האַלבּרייך איז בּיז קעגען 12 אַ זייגער בּײַ נאַכט געזעסען מיט אַלע פ־יינד אין קאַפעהויז און איז דערנאָך אַהיים־געגאַנגען. ער האט געהאַט א שליסעל צו זיין וואָהנונג, אזוי אז דאס דיענסט־מעדעל האָט נישט געהערט, ווען ער איז געקומען.

אין דער פ־יה, קעגען 8 אַ זייגער, קלאַפּט זי אן און וויל איהם אויפוועקען, אבּער ע־ עפענט נישט. דאס מעדעל אַלארמירט תיכף די שכנים. מען בּרעכט אויף די טהיר און ט־עפט דעם אדוואקאַט ליעגען אים שלאַפצימער אין בּלויסען העמד מיט אַ צעשפּאַלטענעם קאָפּ, אין אַ גרויסער בּלוט־לאַכע.

נעבּען איהם ליענט א שטיק גראָבּער שטריק, א שווערער שטיין, אויף וועלכען ס׳קלעבּען שטיקער פונ׳ם געהירן און אַ פּאַ־ פּ־עמדע קאַלאשען.

עס ע־שיינט בּאַלד א נעריכטליכע קאָמיסיע און מען קאָנסטאַטירט, אז דער ערמאָרדעטע האט אויף דעם האַלז צייכען פון שטראַנגוליערונג. ס׳זעהט אויס, אז דער מערדער האט איהם קודם געפּ־ובּט צו דערוואַ־גען, און ערשט דערנאָך מיט׳ן שטיין געשפּאַלטען דעם קאָפּ... דער מערדער האט אויך צוגענומען דעם אַדוואקאַט׳ס קעטע מיט׳ן זייגער, זיין געלדטעשעל און אנדערע ווערטה־פולע חפצים. דאגעגען האט ער די קאַסע נישט געעפענט, חאטשי די שליסעליך זענען געלעגען אויף׳ן נאַכט־קעסטיל בּיים בּעט.

פון דעם מערדער פעהלט לעת־עתה יעדע שפּור.



שרעקליכע שיפסקאַטאַסטראָפע : דאס אונטערגאַנגענע אונטערזיעבּאָט „C. 11“.

עסטערייך-אונגארן און רומעניען: דער רומענישע קראנפרינץ פערדינאנד.

ווי ווייט מען איז זיך משער, האט ער זיך געמוזט אריינ־האפען אין שלאפצימער אריין בתחילת הלילה און ווארטען ביז דר. האלברייך וועט אהיים-קומען. דערנאך לאזט ער זיך איהם אויסטהין ביז צום העמד און ערשט דעמילט איבערפאלט ער איהם און פיהרט אויס די שרעקליכע טהאט. פאר איבעראשונג לאזט ער איבער די קאלאשען און די שליסעל פון דער קאסע און אנטלויפט.

די קאלאשען זענען אויך די איינציגע שפור פון'ם מערדער. מען האט צוערשט פערהאפטעט עפיס א פרייזעהר-געהילף און דאס דיענסט-מעדעל. אבער די חשדים האבען זיך ארויסגעוויזען אלס נישט-בעגרינדעט און זיי זענען ווידער פריינעלאזט געווארען.

דר. האלברייך איז אלט געווען בערך 40 יאהר; ער איז געווען איינער פון די טיכטיגסטע אדוואקאטען אין ביעליסטאָק. וועהר בעליעבט און געאכטעט. זיין טראגישער טויט האט ארויסגערופען די גרעסטע טהיילנאהמע אין דער גאנצער שטאדט, שפעציעל אין דער יודישער גע־מיינדע.

די פרוי פון'ם ערמארדעטען איז תיכף טעלעגרא־פיש פערשטענדיגט געווארען. זי איז גאנץ געבראכען און שווער קראנק פאר שמערץ.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א א־יגינעל בילד, פארשטעלענדיג לויט שפעציעלער פאטא־גראפישער אויפנאהמע פאר דער „יוד. איל. צייטונג“, דעם מאמענט, ווען דער ערמארדעטער ווע־ד אויפגעפונע אין זיין שלאפצימער טויט. נעבען איהם זענען צו זעהען דער שטיק, דער שטיין און די קאלאשען. אין דער זייט פון'ם בילד איז צו זעהען די פאטאגראפיע פון'ם ער־מארדעטען אדוואקאט.

## שרעקליכע שיפס-קאטא־סטראפע.

פון לאנדאן איז מען מודיע, אז דאס ענגלישע אונטערזעע-באט «C 11» איז אין דער נעהע פון דער קיסטע אין דער נאכט פון'ם 14 אויפ'ן 15 יולי צוזא־מענגעשטויסען מיט'ן טראנספארט-דאמפפער „עדיסטאנע“ און איז תיכף אונטערגעגאנגען.

11 מענשען, דארונטער דער קאמאנדירענדע לייטנאנט ב ר א ד י ע, זענען שיער דערטראנקען גע־ווארען.

ביי דעם צוזאמענשטויס זענען שיער נאך צוויי אונטערזעע-באטע פערונגליקט געווא־ען. זיי האבען זיך געפינען אין דער־זעלבער לאגע ווי דאס באט ·C 11, און וואלטען געווען געהאט דעמזעלבען סוף, ווען זייערע קאמאנדאנטען וואלטען נישט רעכטצייטיג געווען דער־זעהן דעם דאמפפער אנקומען און זיך רעטען. ווי לאנג ס'איז נאך געווען צייט.

דאס פערונגליקטע אונטערזעע-באט, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער, איז געבויעט געווארען פאר דריי יאהר. ער איז געווען 135 פוס לאנג, האט געהאט א געהאלט פון 313 טאנען און א שנעלינקייט פון דרייצעהן קנאטען אין א שעה.

## א נייער רייכסקאנצלער אין דייטשלאנד.

דאס שוין זייט עטליכע וואכען ערווארטעטע ערא־יגניס אין דייטשלאנד איז איינגעטרעטען; פירסט בילאוו האט בעקומען זיין דעמיסיע און דער ביז־העריגער מיניסטער פון די אינערע ענינים, דר. פון בעטהמאן-האלוועג, איז ערנאנט געווארען צום רייכס־קאנצלער.

דאס קאיזערליכע שרייבען, מיט וועלכען בילאוו'ס דעמיסיע ווערד אנגענומען, איז זעהר הערצליך. בילאוו בעקומט אויך דעם העכסטען דייטשען א־דען און א בילד פונ'ם קאיזער צום אנדענקען.

דאס געזעגנען זיך צווישען קאיזער און קאנצלער איז געשעהען עפענטליך, אין געגענווא־ט פונ'ם פובליקום, אינ'ם גארטען פונ'ם קעניגליכען שלאס איז דער קאיזער ארומגעגאנגען איבער א פירטעל שעה נאך־מט מיט בילאוו און האט מיט איהם זעהר פריינדליך געשפראכען. דרויסען זענען געשטאנען פיעל מענשען און האבען די סצענע צוגעקוקט.

אויך די עמפפאנגס-אודיענץ פונ'ם נייעם קאנצ־לער איז געשעהען אין גארטען, לעיני כל העם.

תוך־לזה האט דער קאיזער און די קאיזערין אב־געשטאטעט בילאוו'ן אבשיעדס-בעזוכע.

בילאוו האט בעקומען פון אלע דייטשע בונדעס־פירסטען, ווי אייך פון פרעמדע קעניגע הערצליכע אב־שיעדס-בריעפע. אין גאנץ דייטשלאנד בעדויערט מען זיין דעמיסיע. צו וועלכער ער איז געצוואונגען געווא־ען דורך דעם קאפריז פון די קאנזערוואטיווען.

זיין נאכפאלגער, דר. פון בעטהמאן-האלוועג, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער, שטאמט אב פון א יודישער פאמיליע. זיין עלטער זיידע, סימאן מאריץ בעטהמאן, איז געווען א באנקיער אין פראנק־פורט אם מאין. דר. בעטהמאן-האלוועג איז ווענינ בע־קאנט און ער וועט נישט אזוי גערינג ערווערבען די פאפולאריטעט פונ'ם פירסט בילאוו.

אויסער דעם נייעם רייכסקאנצלער זענען נאך פאר־

דר. פון בעטהמאן-האלוועג.

געקומען עטליכע ענדערונגען אים מיניסטעריום, אינדעם איינינע מיניסטער האבען זיך געוועכסעלט מיט זייערע שטעלעס. דער ביזהעריגע האנדעלסמיניסטער דעלברוק איז געווא־ען מיניסטער דעם אינערן, פינאנצמיניסטער סידאוו איז געווארען האנדעלסמיניסטער, אונטער־שטאאטס־סעקרעטער אדאלף ווערמוטה איז געווא־ען פינאנצמיניס־טער, און אבערפרעזידענט אויגוסט פון טראט איז געווא־רען קולטוסמיניסטער.

## עסטערייך־אונגארן און רומעניען.

דאס בעזונדערס פריינדשאפטליכע פערהעלטניס צווישען עסטערייך-אונגא־ן און רומעניען, וועלכעס האט זיך ארויסגעוויזען וועהרענד דער לעצטער באלקאן-קריזע, איז איצט נאך פערשטארקט געווארען דורך דען בעזוך, וועלכען דער עסטערייכישע טה־אנפאלגער ערצהערצאג פראנץ פערדינאנד מיט זיין געמאהלין פירסטין האהענ־בורג, האבען אבגעשטאטעט דעם רומענישען קעניגס פאא־ אין זיין זומער-רעזידענץ ס י נ א י א.

דער עמפפאנג פון דעם עסטערייכישען גאסט איז געווען נא־ נ־ויסא־טיג און די רומענישע קעניגליכע פאמיליע האט זיך געסטארעט מיט אלע מעגליכקייטען, צו בעווייזען זיין דאנקבארקייט פאר ריעזען בעזוך.

בעזונדערס הערצליך זענען געווען די טאאסטע,

קאיזער ווילהעלם און דער שאקאלאדע-פא־בריקאנט מעניער.



איבערקעהרעניש אין פערזיען: דער נייער שאה אחמעד מירצא.

וואס זענען געהאלטען געווארען פונ'ם קעניג און פונ'ם ערצהערצאג ביים פעסטמאהל, אין וועלכע ביידע האבען בעטאנט די פריינדשאפט און דאס פעדערייען, וועלכעס הערשט צווישען ביידע שכנים.

דער רומענישער קראנפרינץ, וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער, איז פונ'ם עסטערריי־כישען קאיזער אויסגעצייכנעט געווארען מיט'ן ארדען פונ'ם „גאלדענען פליעס". דעם העכסטען עסטערר"כישען אויסצייכנונג.

דער בעזוך אין סינאיא האט א גרויסע פאליטישע בעדייטונג, ווייל ווי ס'איז בעקאנט, האבען זיך סערביען און רוסלאנד אים פערנאנגענען ווינטער שטארק נעסטאר־רעט, רומעניען זאל זיך אפקעהרען פון עסטערר"ך־אונגארן.

אויסלענדישע בלעטער פערבריימען די ידיעה, אז אויף דער רייזע קיין רומעניען האט מען אויף דעם צוג פונ'ם ערצהערצאג פראנץ פערדינאנד געווארפען שטיינער און אויסגעשלאגען עטליכע שויבען. מאנכע בלעטער מעלדען ואגאר אז מען האט אויף'ן צוג געשאסען. אבער אפיציעל ווערען אלע דיעזע ידיעות ענטשידען אבגע־לייקענט.

# קאיזער ווילהעלם און דער שאקאלאד־פאבריקאנט.

ביי דער וועלשיף־רעגאטע אין קיעל, וועלכע איז פאר־געקומען פאריגע וואך, האבען זיך בעטייליגט אויך פיעל אויסלענדישע יאכט־בעזיצער, דארונטער אויך דער בעקאנטער פראנצעזישער שאקאלאדע־פאבריקאנט מעניער מיט זיין יאכט „אריאנע".

קאיזער ווילהעלם, וועלכער האט תמיד ליעב זיך צוצושמייכלען צו די פראנצויזען, האט אבגעשטאטעט דעם שאקאלאדע־פאבריקאנט א בעזוך אויף זיין שיף, און האט אנטהייל גענומען אין א סעודה, וועלכע איז פון זיינעטוועגען אויף דעם שיף פעראנשטאלטעט געווארען.

דער קאיזער האט דאביי געפיהרט א פאליטיש געשפרעך און בעזונדערס בעריהרט דאס פערהעלטניס צווישען דייטשלאנד און פראנקרייך.

די פראנצעזישע פרעסע האט זיך נאטירליך בעאיילט, אויספיהרליך צו בעריכטען איבער אלעם, וואס דער קאיזער האט געזאגט און מיר וועלען וואהרשיינליך ווידער דערלעבען א נייע סענזאציע, ווי נאך יעדע רעדע קאיזער ווילהעלמ'ס.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א אריגינעל בילד, פארשטעלענדיג דעם קאיזער ווילהעלם אים געשפרעך מיט'ן שאקאלאדע־פאבריקאנט מעניער און מיט זיין שוויגערטאכטער, אויף'ן שיף „אריאנע". הערר מעניער שטעהט זיך דא־ט פריי ווי א בירגער, מיט נאר א קליינעם רעשפעקט פאר דעם שטאלצען הערשער.



איבערקעהרעניש אין פערזיען: דאס פארלאמענטס־געביידע אין טעהעראן.

# איבערקעהרעניש אין פער־זיען.

נאך באלד צוויי־יעהריגען קאמפף האבען די פער־זישע רעוואלוציאנערע געזיעגט און דער שאה מוהאמעד אלי טהיילט דאס שיקזאל פונ'ם סולטאן אבדול האמיד. ער איז אבגעזעצט און געהט אין גלות קיין ר ו ס ל א נ ד.

זיין 12־יעהריגער זוהן, פרינץ אהמעד מ י ר צ א, איז אויסגערופען געווארען צום שאה און ס'איז איינגעזעצט געווארען א רעגענטשאפט, ביז דער נייער שאה וועט ווערען פולי‫יעהריג. אין דער רעגענטשאפט נעהמען אנטהייל די פיהרער פון דער רעוואלוציאן, און זיי איז אויך איבער־געטראגען געווארען דאס מיניסטעריום.

אט דאס איז בקיצור דאס רעזולטאט פון דעם שרעקליכען קאמפף, וועלכער איז אין די לעצטע וואכען געפיהרט געווארען צווישען דעם שאה און די בארטיארען. ס'האט איהם נישט געהאלפען די אפענע הילף פון רוסלאנד און די געהיימע אונטערשטיצונג פון ענגלאנד, ס'האט נישט געהאלפען דאס צערשטערען פון א האלבער הויפטשטאדט און דאס שיעסען מיט קאנא־נען אויף דער בעפעלקערונג — שריט אויף שריט האט ער און זיינע געטרייע קאזאקען געמוזט צוריקווייכען, ביז ער איז פערטראגן, זעהענדיג זיין נאהענטע מפלה, אנטלאפען צום רוסישען אמבאסאדאר און זיך געשטעלט אונטער זיין שוץ.

מיט דעם שריט אבער האט ער שוין פער־ציכטעט אויף'ן טהראן. שטעלענדיג זיך אונטער'ן שוץ פון א אויסלענדישער מאכט, די רעוואלוציאנערע האבען דאס אויך תיכף אויסגענוצט און איהם ערקלערט אלס אבגע־זעצט, אויסרופענדיג צוגלייך דעם פרינץ אהמעד מירצא צום שאה.

דער געוועזענער שאה האט אנגענומען זיין אבזע־צונג רוהיג און געפאסט. ס'ווידערהאלט זיך דא אמ נאנצען דאסזעלבע שוישפיעל ווי ביים סולטאן אבדול־האמיד. נאר פאר זיין לעבען האט ער געציטערט, אויף דער קרוין איז ער שוין מוחל.

קוים האט איהם דער רוסישער געזאנדטער צוגע־זאגט דעם פולסטען שוץ פון זיין לעבען, איז ער שוין צופריעדען געווען און האט בלויז פערלאנגט, מען זאל איהם איבערשיקען זיינע זאכען פונ'ם פאלאסט אין זיין [illegible]...

אט אזוי קליינליך, מוטהלאז, פיינ פערהאלטען זיך די סולטאנ'ס און די שאה'ס, ווען דאס פאלק זיעגט... ס'איז ווירקליך א טראגי־קאמישער אנבליק! נישט ווי העלדען פאלען זיי אין דער שלאכט, נאר ווי קליינע קינדער בעטלען זיי פאר'ן נאקטען לעבען...

דער געוועזענער שאה וועט בקרוב איבערזידלען



איבערקעהרעניש אין פערזיען: פרינץ צילעס־סולטאנאה, דעם געוועזענעם שאה'ס ברודער.

קיין רוסלאנד. מען אונטערהאנדעלט איצט מיט דער נייער רעגירונג וועגען בעשטימען א זיכערע פענסיע פון זיינעט־וועגען...

דער נייער שאה איז זאנטאג געפאהרען אין דעם שלאס סולטאנאבאד, וואו ער איז בעגריסט געווארען פון פיעל פאלקס־רעפוטאציעס אלס נייער הערשער.

ביז צו זיין פולי‫יעהריגקייט וועט דער געוועזענעם שאה'ס ברודער, ציל־עס־סולטאנאה, פיהרען די רעגענט־שאפט. ביז איצט איז ער מיט זיין ברודער געווען פער־פיינדעט און האט זיך אויפגעהאלטען אים אויסלאנד. איצט געראדע האלט ער זיך אויף אין ו ו י ע ן און דא ווערען מיט איהם געפיהרט טעלעגראפישע פערהאנדלונגען פון טעהעראן דורך דער פערזישער געזאנדשאפט. ער זאל איבערנעהמען דאס הויכע אמט.

דאס גאנצע פערזישע פאלק בעגריסט דעם נייעם סולטאן מיט גרויס פרייד. ער אליין איז אים אנפאנג גע־געווען זעהר איבעררראשט און נישט ענטשלאסען, ווען מען האט איהם אויסגערופען צום שאה. האט ער געוויינט. אבער שפעטער בערוהיגט ער זיך און ווען א דעפוטאציע האט אויסגעדריקט די האפנונג, אז ער וועט גוט פיהרען דאס פאלק, ענטפערט ער: „דאס וויל איך זעהר גערן!"



איבערקעהרעניש אין פערזיען: דער רוסישע גענעראל ליאקאוו, די שטיצע פון דער רעאקציע.

די פיהרער פון דער רעוואלוציע האבען בעקומען די העכסטע שטעלען, סאדדאר אמאד איז געווארען מיניסטער דעם אינערן, סיפאהדאר אבערמארשאל פון דער ארמעע, נאזור-על-מולק מיניסטער דעם אייסערן.

די נייע רעגיערונג וועט באלד אויסארבייטען א ניי וואהלגעזעץ און דאס נייע פארלאמענט וועט וואס ניכער צוזאמענטרעטען.

דער לעצטער אקט פון דער רעוואלוציע איז אב־געלויפען ציעמליך שנעל. איצט וועלען זיך נאך אנהייבע די פאליטישע פערוויקלונגען. אין א גרויסען טהייל פון פערזיען שטעהט רוסישעס מיליטער; פון דער אנדערער זייט איז וויעדער טירקישעס מיליטער אריינגערוקט. ענג־לאנד שטעהט אויך שוין גרייט, צו נעהמען זיין חלק. די הויפט-אויפגאבע פון דער זיעגרייכען רעוואלוציע וועט זיין, אויסצורייניגען דאס לאנד פון די פרעמדע טרופען און דאס איז זעהר א שווערע געשיכטע. די פרעמדע מלוכות אז זיי קריעכען ערגעץ־וואו אריין מיט א פוס, נעהען זיי נישט גערן באלד וויעדער ארויס... מען מוז זיך געפאסט מאכען אויף שווערע קאנפליקטע.

די ידיעות איבער די איינצעלהייטען פון דער איבערקעהרעניש אין פערזיען זענען נישט אים גאנצען קלאר. ערשט די קומענדע טעג וועלען ברענגען גענויע נאכריכטען איבער אלע איינצעלהייטען.

# פינפציג־יעהריג דאקטאר־יובילעאום.

אין בערלין האט פארגע וואך דער בעריהמטע שפעציאליסט פאר האלז און נאזען קראנקהייטען, פרא־פעסאר דר. בערנהארד פרענקעל, זיין פינפציג־יעהריג דאקטאר יובילעאום געפייערט.

דער יובילאר וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינטיגער נומער, איז אלט 72 יאהר. זייט 1872 ווירקט ער אלס פראפעסאר אין דער בערלינער אוניווערזיטעט און זיינע פערדיענסטע אויף דער מעדיצינישען געביעט זענען זעהר גרויס.

# ערדציטערניש אין גריעכענ־לאנד.

אם 14 יולי איז אין דער גריעכישען פראווינץ עלים פארגעקומען א שרעקליך ערדציטערניש, וועלכע האט אנגעמאכט א אונגעהויערען שאדען.

גאנצע שטעדט זענען פערוואנדעלט געווארען אין חורבות. אין פיעל ערטער זענען אויסגעבראכען שרפות און צעהנדליגער מענשען זענען אומגעקומען. די צאהל פון די פערלעצטע איז זעהר גרויס.

אין דער ארטשאפט האוואר, זענען צערשטערט געווארען 400 הייזער און 30 מענשען האבען פערלוירען דאס לעבען. די איבריגע בעוואהנער זענען אנטלאפען אין דעם גרעסטען שרעק.

דאס ערדציטערניש, פון וועלכען מיר ברענגען א אריגינעל בילד אין אונזער היינטיגער נומער, איז אויך געשפירט געווארען אין די פראווינצען פאטראס, טריפאליס און פירגאס. די רעגיערונג האט ארויסגעשיקט עסענווארג און געצעלטע אין די בעשראפענע ערטער, כדי צו לינ־דערן די נויטה פון דער בעפעלקערונג.

# א פערזאמלונג פון בלינדע.

א העכסט וועלטענע פערזאמלונג איז פאריגע וואך פארגעקומען אין לאנדאן, אויף דעם טראפאלקער־סקווער. איבער 500 בלינדע, מענער און פרויען, האבען אבגע־האלטען א פערזאמלונג, כדי צו פראטעסטירען קעגען דעם נייעם בלינדען־געזעץ, וועלכעס וועט ערשווערען די בעשעפטיגונג פון בלינדע אין אינדוסטריעלע אונטערנעה־מונגען.

אלע טהיילנעהמער אין דער פערזאמלונג זענען געוועזען בלינדע, אויך די רעדנער און די סעקרעטערע.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א ארי־גינעל בילד פון דיעזער וועלטענער פערזאמלונג, וועלכע האט געפאסט א ענערגישע רעזאלוציאן געגען דעם נייעם פראיעקט.

# 24 ארבייטער דערטרונקען.

א שרעקליך אונגליק איז פארגעקומען פאריגע וואך ביים בוי פון א שיפס־באק אין ניו־פארט (ענגלאנד). אין מיטען טאג איז פלוצים דורכגעבראכען געווארען א דאמב און דאס העריינשטירצענדע וואסער האט איבער־ראשט 50 ארבייטער וועלכע זענען באלד אים גאנצען איבערגעשווענמט געווארען.

די קראפט פונ'ם וואסער איז געוועזען אזוי שטארק, אז אפילו די שווערסטע מאשינען זענען פון זיי איבער־קעהרט און מיטגעריסען געווארען.

חאטשי ס'איז באלד אנגעקומען רעטונג, זענען 24 ארבייטער געבליעבען טויט אויפ'ן ארט. די איבריגע האט מען געקענט רעטען.

דער שאדען פון דער קאטאסטראפע, פון וועלכער

די איבערקעהרעניש אין פערזיען; דער אבגעדאנקטע שאה מוהאמעד עלי אויף זיין שטוהל.

מיר ברענגען א אריגינעל בילד אין היינטיגער נומער, איז זעהר גרויס.

# א „ווייסער“ אלס קעניג איין אינדיען.

דורך א מערקווירדיגען צופאל איז א יונגער אמערי־קאנער געווארען קעניג פון די פידשי־אינזולאנער.

עדווארד טהאמפזאן האט ער געהייסען. מיט 16 יאהר צוריק האט ער ווענען אונגליקליכער ליעבע פער־לאזט זיין פאטערלאנד און האט זיך ארומגעטריעבען אין דער וועלט, כדי צו פערגעסען זיין ליעבעסשמערץ. אויף דער רייזע פון ניי־זעעלאנד איז ער געקומען אויף די פידשי־אינזעל און האט ויך ביי א געלעגענהייט בעקאנט געמאכט מיט'ן דארטיגען קעניג.

דער קעניג, האט די ווייסע רייזענדע זעהר פריינדליך עמפפאנגען און דער יונגער היבשער טהאמפזאן איז איהם בעזונדערס געפעלען. אבער אויך דעם קעניגס טאכטער, די 14־יעהריגע פרינצעסין לאנא־ניטא, האט זיך אין דעם אמעריקאנער פערליעבט און ער האט איהר ליעבע נישט צוריקגעוויזען.

דער קעניג האט אבער נישט געוואלט דערלאזען צו א פעראייניגונג פון דעם יונגען פאר־פאלק, ווייל ער האט שוין פריהער פער־שפראכען זיין טאכטער צו איינעם פון די אינזעל־הויפטלינגע.

טהאמפזאן האט אויך דא נישט געפונען קיין גליק אין דער ליעבע און בעשליעסט ווייטער צו פאהרען. אבער נאך איז דאס אמעריקאנישע שיף געלעגען אים האפען, ווען עס בריכט אויס אויף דער אינזעל א רעוואָ־לוציע. דער קעניג מיט זיין טאכטער ווערען פערטריעבען און עס דראהט זיי דער טויט.

די אמעריקאנער בעשליעסען אלס דאנק פאר דעם קעניגס פריינדליכקייט, איהם צו העלפען אין דער נויטה. זיי שטייגען ווידער אויף דער אינזעל און עס קומט צו א בלוטיגען געפעכט מיט די אינזולאנער. די אמעריקאנער מיט זייערע מאדערנע רעוואלווערס זיגען איבער די ווילדע אינזולאנער מיט זייער פאל־און־בויגענס. אבער דער קעניג איז אין דער שלאכט געפאלען.

איצט איז די פרינצעסין שוין פריי. זי האט התונה מיט דעם אמעריקאנער, וועלכער נעמט אן דעם נאמען וואילא־נאמבוקו און ווערד קעניג איבער דער אינזעל.

די אינזולאנער האבען זייער נייעם קעניג זעהר געאכטעט און געליעבט און ער האט געקיניגט 14 יאהר, גליקליך און צופריעדען.

פאר נישט לאנג איז ער געשטארבען. די קעניגין האט איהם געלאזט שטעלען א מצבה פון א גרויסען שטיינבלאק, אויף וועלכען עס זענען אויסגעקריצט די ווערטער, וועלכע טהיזמפזאן האט פערשריעבען אין זיין צוואה: „די ליעבע און די טריי, וועלכע די ציוויליזאציע האט מיר פערוויינערט, האב איך געפונען ביי די פידשי־אינזולאנער.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער די בילדער פון דעם זעלטענעם קעניגס פאאר.

# מיליטער־פערשווערונג אין גריעכענלאנד.

די זיגע פון די יונגטירקען לאזען די גריעכישע אפיציערע נישט רוהיג שלאפען. ווי אין דער טירקיי זענען אויך אין גריעכענלאנד די מיליטערישע קרייזע נישט צו־פריעדען מיט דער ענערגיע־לאזען, שוואכען פאליטיק פון דעם קעניגסהויז און ווילען ארויס־ופען א פערשווערונג אין לאנד, כדי די איצטיגע דינאסטיע אבצושעצען.

די פעראנלאסונג דאצו גיבט זיי איצט די קרעטא־פראגע, וואס שטעהט אויף דער טאגעסארדנונג און ווע־גען וועלכער די קעניגליכע פאמיליע און די רעגיערונגס־קרייזע ווייזען זיך אזוי שוואך, אז אים גאנצען לאנד הערשט דאריבער די גרעסטע אונצופריעדענהייט.

אין די לעצטע טעג איז טאקי ענטדעקט געווארען א גוט ארגאניזירטער בונד פון העכערע אפיציערע, וועל־כע פערלאנגען, אז 1) זאל די רעגירונג שטרעבען מיט אלע כחות, קרעטא זאל פעראייניגט ווערען מיט גריעכענ־לאנד; 2) זאל דער קראנפ־רינץ אבגעזעצט ווערען פון זיינע מיליטערישע עמטער, ווייל ער איז אונפעהיג זיי צו פיהרען אין ארדנונג; 3) זאלען בעשרענקט ווערען די רעכטע פי"ם קעניג בנוגע צום מיליטער און זאל איינ־געפיהרט ווערען א מאדערנע מיליטערישע ארגאניזאציע אים גאנצען לאנד. די אפיציערע דראהען, אז אויב מען וועט זייערע פאדערונגען נישט נאכגעבען, וועלען זיי ארויסרופען א מיליטערישען בונד אים גאנצען לאנד און וועלען טראכטען אליין ארדנונג צו מאכען.

די לאגע אים לאנד איז טאקי זעהר ערנסט; די רעגיערונג האט געמוזט רעמיסיאנירען און דער פיהרער פון דער אפאזיציע, רהאליס, איז ערמעכטיגט געווארען פון קעניג, צו בילדען א נייע רעגיערונג.

די קרעטא־פראגע פאר זיך ווערט כסדר פערוויקעל־טער. אם 28 יולי וועלען די מעכטע פון דארט צוריק־



50־יעהריגע ראקטאר יובילעאום: פראפעסאר דר. בערנהארד פרענקעל.

ציהען זייערע טרופען און דעמלט וועט זיך דאס שיק־זאל פון דער אינזעל ענטשיידען. אין דער טירקיי מאכט מען אלע הכנות צום קריעג און לאזט זיך נישט איינ־שיכטערן דורך די דראהונגען פון פערשיעדענע מעכטע, אז זיי וועלען נישט צולאזען גריעכענלאנד זאל בעשערינט ווערען.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער צוויי אריגינעלע בילדער פון קרעטא. דאס ערשטע שטעלט פאר די טירקישע פלאגגע אויפגעפלאנצט ביים ברעגע, און נעבען איהר די פלאגגען פון ענגלאנד, רוסלאנד, פראנקרייך און איטאליען. דאס צווייטע בילד שטעלט פאר די פעסטונג, אין וועלכער ס'איז ביז איצט גארניזא־נירט דאס ענגלישע מיליטער.

לויט איבעראיינשטימיגע ידיעות פון קאנסטאנטי־נאפעל איז דער קריעג מיט גריעכענלאנד נישט צום פערמיידען.

# דעפרוידאציע און זעלבסט־מארד.

אין וויען מעהרען זיך די פעלע פון דעפרויראציעס דיעבשטעהלע און בעטריגערייען אויף א שרעקליכע אופן. יעדען טאג הערט מען נייע ידיעות וועגען אזעלכע פעלע.

ס'איז נאך יעדען אין ערינערונג דער פאל מיט דעם באנק־דירעקטאר הראמאטקא, וועלכער האט יאהרען לאנג געפיהרט א שווינדעלבאנק אונטער'ן נאמען „מערקור“ און איז שליעסליך פערשוואונדען, צוגעהמענדיג ביי הונ־דערטער מענשען זייערע שווער ערשפארטע גראשען.

אט דער הראמאטקא איז טאקי דיעזע טעג געפונען געווארען אלס לייכע אין דער דאנוי. ער האט זיין לעבען אנ'ענדע געמאכט, נישט קענענדיג ווייטער פיהרען זיינע שווינדעלייען.

פארינע וואך איז פלוצים פערשוואונדען געווארען דער פערוואלטער פון דער ערשטען עסטעררייכישען אקציענגעזעלשאפט פאר עפענטליכע לאגער הייזער. א גע־וויסער לעבנער, נאכדעם ווי ער האט דעפרוידירט די סומע פון 152,000 קראנען.

דיעזע גרויסע דעפרוידאציע, וועלכע איז גאר מענליך געוועזען דורך דער מאנגעלהאפטער קאנט־אלע פון דער דירעקציע, האט דעם דירעקטאר פון דער געזעל־שאפט, קאיזערליכען ראטה יאזעף מ. וואלפפויער, אזוי אויפגערעגט, אז ער האט זיך דורך א רעוואלווער־שוס גענומען דאס לעבען.



דער אנפיהרער פון די רעוואלוציאנערע.

דאס רעוואלוציאנערע מיליטער.



מיליטערישער כונד אין גריעכענלאנד: די ענגלישע גארניזאן אויף קרעטא.

וואלפכויער וואס זיין בילד ברענגען מיר אין היינ־טיגער נומער, איז געווען א בעקאנטע פיגור אין וויענער קויפמענישע און אינדוסטריעלע קרייזען און זיין טראגישער טוידט ערוועקט דאס גרעסטע אויפזעהען. דער פערוואלטער־לעבנער איז דערוויל פערשוואונדען אין ס'פעהלט פון איהם יעדע שפור.

---

# א טראגעדיע אין ראטה־שילד'ס הויז.

אין וויען האט זיך פארינען דיענסטאג פערברייטעט די נאכריכט, אז באראן אלבערט ראטשילד'ס יונג־סטער זוהן, באראן אסקאר ראטשילד, האט זיך דער־שאסען, 21 אלט.

די פאמיליע האט זיך צוואר בעאיילט די מעשה אבצולייקענען און בעהויפטעט, אז ער איז געשטארבען אויף א געהירן־שלאג. אבער די שמועות ווילען נישט אויפהערען, אז עס איז טאקי געווען א זעלבסטמארד...

דאס וויענער הויז ראטשילד איז שוין פון לאנג בעטראפען פון פאמיליען־אומגליקען. באראן אלבערט'ס פרוי, בעטינא, א טאכטער פון פאריזער ראטשילד, איז געשטארבען נאר יונגערהייט. זיין עלטסטער זוהן געארג ליענט שוין עטליכע יאהר האלב־משוגע, זיין איינציגע טאכטער נעמי איז טויב אויף ביידע אויערען און איצט איז אויך די לעצטע נחמה, דער יונגסטער זוהן אסקאר געשטארבען מיט א טראגישען טוידט.

ווי ווייט די שמועות וועגען זעלבסטמארד זענען אמת, לאזט זיך נישט וויסען. דערצעהלען דערצעהלט מען זיך פאלגענדעס:

דער יונגער אסקאר זאל זיך האבען פערליעבט אין א ארעם מיידעל, ווי מען זאגט א שניידערין, וועל־כע פלעגט געהען פאר'ן באראנ'ס הויז. ווען דער פא־טער האט זיך דערפון דערוואוסט, האט ער זיך, קענענ־דיג דעם פעסטען האראקטער פון זיין זוהן, געמאכט גאר נישט וויסענדיג דאפון און האט געזוכט זייטיגע וועגען ווי איהם צו דערווייטערן פון זיין געליעבטער; ער האט איהם דארום פארגעלעגט ער זאל מאכען א וועלט רייזע און געגעבען דאריוף א גרויסע סומע געלד. אס־קאר האט דעם פא־שלאג אנגענומען מיט פערגנינגען און דער אלטער בא־אן האט געמיינט, אז זייענדיג א לאנגע צייט ווייט פון זיין געליעבטער וועט ער געווים אין איהר פערגעסען.

העכער א יאהר צייט האט געדויערט אסקאר'ס רייזע, ער האט בערייזט ענגלאנד, אמעריקא, חינא, יא־פאן און פילע אנדערע ווייטערע געגענדען, און איז מיט א פאר וואכען צוריק בשלום א היים געקומען.

בשעת אסקאר איז געקומען פון זיין רייזע איז דער אלטער באראן געזעסען אין זיין גוט, נישט ווייט פון וויען, און איז מיט א פאר טאג צוריק געקומען קיין וויען בעגריסען אסקאר'ן צו זיין צוריקקומען פון זיין לאנגער רייזע.

ווי ערשטוינט איז אבער דער אלטער געווארען, טרעפענדיג ביי אסקאר'ן אין וואהנונג, זיין געליעבטע שניידערין.

צווישען פאטער און זוהן איז נאכדעם, צוליעב דעם, פארגעקומען זעהר ערנסטע קאנפליקטען, וועלכע האבען זעהר שלעכט געווירקט אויף אסקאר'ס געזונד־הייטס־צושטאנד.

דער פאטער האט שוין, ווי מען זאגט, געוואלט נאכגעבען און האט זאגאר אליין געשיקט רופען די שניידערין, זי זאל זיצען ביי זיין קראנקען זוהן, כדי איהם צו בערוהיגען. ס'איז שוין אבער געווען צו שפעט. אסקא־ איז אריינגעפאלען אין זעהר א שווערע נערווען־קראנקהייט, און דיענסטאג 9 א זייגער אין דער פריה, בשעת דער אלטער באראן איז אריינגעגאנגען זעהן וואס זיין זוהן טהוט, האט ער איהם געטראפען ליגענדיג אין א טייך בלוט, און נעבען איהם איז געלעגען א רעוואל־ווער.

לויט אנדערע ידיעות מעלדען, האט זיך באראן אסקאר ראטשילד פערליעבט אין א אקטריסע פון א וויענער טהעאטער, און וועגען איהר האט ער זיך גענומען דאס לעבען, ווייל דער פאטער האט בשום אופן נישט געוואלט צולאזען צו דער חתונה.

מען דערצעהלט אויך, אז דער סקאנדאל צווישען פאטער און זוהן האט אויסגעבראכען, באלד ווי דער זוהן, אסקאר, איז געקומען פון זיין רייזע און האט זיך דערוואוסט, אז זיין פאטער האט זיין געליעבטער געגע־בען פיעל געלד און זי חתונה געמאכט מיט אנ'אנדערן. דער יונגער בא־אן, וועלכער איז בטבע זעהר א אויפגע־רעגטער, איז א־ויסגעטרעטען געגען פאטער מיט א שרעקליכען כעס, און ס'איז צווישען זיי פא־געקומען א זעלכע ווילדע סצענעס, אז דער בא־אן אלבערט האט געמוזט אוועקגעהן פון פאלא'ץ, און אסקאר איז אריין צו זיך אין צימער, וואו ער האט זיך באלד דערשאסען מיט א רעוואלווער. דער באראן אלבערט איז אוועק אין איינעם פון די רייכסטע א־יסטאקראט'ישע רעסטא־אנען און רא־ט געגעסען מיטאג. פלוצלינג איז געקומען צו־לויפען א בעדיענער מיט גרוים שרעק און האט געבעטען דעם באראן ער זאל געהן וואס גיכער אין זיין פאלא'ץ ארײַן, ווייל זיין יונגסטער זוהן, דער באראן אסקאר, האלט ביי'ם שטארבען. ווען דער פאטער איז געקומען האט נאך אסקא־ געלעבט, און איז אין א פאר מינוט ארום געשטארבען.

וועגען דער פערזענליכקייט פון פערשטארבענעם דערצעהלען די וויענער צייטונגען פאלגענדעס:



מיליטערישער כונד אין גריעכענלאנד: די פלאנגען פון די מעכטע אויף קרעטא.

דער בא־אן אסקאר ראטהשילד, וועלכער איז ערשט פאר עטליכע וואכען 21 יאהר אלט געווארען, איז געווען זעהר אינטעליגענט און גוט געבילדעט. נאכ'ן ענדיגען דאס גימנאזיום האט ער אבגעדיענט א יאהר אין מיליטער אלס פרייוויליגער. זייענדיג א סאלדאט איז ער אראבגעפאלען פון פערד און האט בעקומען א געהירן־טרייסלונג, פון וועלכע עס האט זיך ביי איהם אבגע־שטעלט א שטא־קע נערווען־צורייצטקייט.

די לויה איז פארגעקומען פרייטאג. באראן אלבערט ראטהשילד האט געלאזט אין רעמועלבען טאג פערטהיי־לען 10,000 קראנען פאר יודישע ארימע, און 10,000 קראנען פאר אלגעמיינע ארימע. חוץ־לזה האט ער גע־שטיפטעט די סומע פון 100,000 קראנען פאר א סטודענטען־שטיפטונג אויף'ן נאמען פונ'ם פערשטאר־בענעם.

---

# אין א פאס ארום דער וועלט.

דער בעריהמטע גריעכישע פילאזאף דיאגענעס האט בענוצט א פאס פאר א דירה. וואוהין ער פלעגט געהען, פלעגט ער מיטקוילערן דאס פאס מיט אלע זיינע חפצים...

צוויי איטאליענישע ארבייטער טהון איצט דאס־זעלבע, אבער נישט אוים פילאזאפישע טעמים נאר פשוט וועגען א וועטע. זיי האבען זיך געוועט אז זיי וועלען זיך קייקלענדיג אין א פאס דורכוואנדערן די גאנצע וועלט.



א פערזאמלונג פון כלינרע אין לאנדאן.



ערדציטערניש אין גריעכענלאנד: די בעוואהנער פון א צער־שטערטער שטאדט אנטלויפען.

אַ וועכסעלנד וועט איינער זיצען דרינען און דער צווייטער וועט איהם קויקלען, און אזוי האפען אין א משך פון 12 יאהר זיך דורכצוקויקלען איבער דער גאנצער ערד־קוגעל.

דאס פאס איז אזוי איינגעריכטעט, אז דער וואס זיצט אינעווייניג בלייבט תמיד גראד און דרעהט זיך נישט מיט, זאנסט וואלט ער נישט אויסגעהאלטען אפילו קיין 12 טעג...

אַטאליא צאנארדי און ווישעניא וויאנעלא הייסען די צוויי אָרינינעלע פערשוינען, וועלכע האבען פאַ־ינע וואך פון ווענעדיג אויס אין גענעגוואַרט פון א צאהלרייך פובליקום אַנגעטרעטען זייער ארינינעלע וועלט רייזע.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א אָרי־גינעל בילד פון דעם זאנדערבאר־ען אונטערנעהמען.

# בריעף פון אמעריקא.

מול־טוב, אונז אמעריקאנישע יודעליך! מיר בעקו־מען איה צו ראש־השנה געסט, חשוב'ע געסט, טאקי דאס שפּיגעלע פון אונזער יודישער ליטעראטור: פּ ר ץ און אַ ש!

פרץ און אש וועלען קומען אהער אויף א משך פון 8—10 וואכען, האלטען פאָרלעזונגען פאַר'ן יודישען פובליקום און בעקאנט מאכען די יודישע מאסען, וואס ווענען דארשטיק נאך א גוט יודיש ווארט, מיט זייערע נייעסטע שעפּונגען...

מהיכי־תיתי! אדרבה, מיר אַמעריקאַנישע יודעליך, וואס מען שטאפּט אונז דאס גאנצע יאהר אן מיט סענ־טינע פייפערס, וואס זענען דאס רוב פול סענזאציעס און רעקלאמעס, מיר וועלען זיכער בעגריסען מיט פרייד די צווי שטערן פון אונזער ליטעראטור אט דא אין אַמעריקא און מיר וועלען זיי מכבד זיין ווי זיי פערדיענען.

אבער — ביי יודען מוז תמיד זיין א „אבער" — עס'ט א סענק ליענט אין דער זאך. דאס קומען אהער פון די צוויי שרייבערס איז אנגעקינדינט געווארען אינ'ם „פארווערטס" דורך א בריעף פון שלום אש. און וועלכען ער איז מודיע אין זיין נאמען ווי אי'ם נאמען פון פּר'ץ, אז דער צוועק פון דעם „פארלעזונגס־טורנע" וועט זיין צו זאמלען געלד פאר א ליטעראַרישער צייטשריפט. וואס זאל פערווירקליכען די בעשטרעבונגען פון דער טשערנא־וויטצער קאנפערענץ...

און זעהט איהר, דאס איז שוין עפּיס א נייע מעשה... מילא צו רעדען פון דער קאנפערענץ גופא, וואס איהרע איינציגע גרינדערע און טאקי פּר'ץ און אַ'ש בראשם, האבען זיי בלאמירט און געמאכט לעכערליך דורך די צוויי דייטשינקייטען, דורך דעם מאנגעל אן ערנסט, דורך די ווילדע פראזעלאגיע, פון וועלכע מען קען נישט ארויס און נישט אריין, דורך די נאַ־ישע בעשליסע און די איינבילדונג, אז עטליכע גאוועלען־שרייבער קענען ענדערן די היסטארישע ענטוויקלונג פונ'ם יודישען פאלק — צו רעדען וועגען דער קאנפערענץ גופא און וועגען איהרע החלטות, איז אפילו נישט כדאי! ס'איז שוין באלד א יאהר אַוועק און מען האט פון איהר נישט געהערט קיין שום קול, נישט געזעהען קיין שום צייכען פון לעבען...

אבער ווען פרץ און אש האבען זיך שוין יא דערמאנט אין דער קאנפערענץ און ווילען עפּיס טהון פאר איהרעט־וועגען, קומט דאך אויף די שאלה: „מי שמך?" ווער האט דאס אייך געמאכט פאר אַפּיטרופּסים פון דער קאנפערענץ?... וואו זענען די איבריגע ליטע־ראטען, וואס האבען זיך אין איהר בעטהיילינט, וואו זענען אייערע חברים אברהם רייזען, נאָמבערג, זשיטלאָווסקי און ז. וו. פאר וואס האט איהר אייך אליין גענומען די גדולה צו פאָהרען זאמלען געלד פאר די ציעלע פון דער קאנ־פערענץ? וואו איז דאס ביראה, וועלכעם איהר אליין האט געוועהלט מיט דעם זיץ אין טשערנאָוויטץ? וואו איז דר. בירנבוים, דער איניציאטאָר פון דער גאנצער זאך?

פרץ און אש זענען בוודאי וואזשנע מענשען — אבער אין דער מינוט, וואו זיי ווילען עפּיס טהון פאר עניני־הכלל, קענען זיי נישט האנדלען ווי יחידים, זיי מוזען פערעפענטליכען א קלאר און דייטליך פראגראם וואס די צייטשריפט זאל ענטהאלטען, ווער ס'זאָל זי רעדאק־טירען, אונטער וועמעס אויפזיכט זי זאל שטעהען און ז. וו. — די עניני־הכלל זענען דאך נישט הפקר!

ווי ווייט דיעזע פארערונגען איז בערעכטינט, בעווייזט אם בעסטען דער פאקט, אז פאר א יאהרען, תיכף נאך דער קאנפערענץ, האבען פּ־ץ, אש, רייזען און נאמבערג אונטערנענומען א פארלעזונגס־טורנע אין גאליציען, כדי צו פערשאפען די ערשטע הכנסות פאר'ן טשערנא־וויטצער קאנפערענץ־ביראה — און וואָס איז דאפון ארויס־געקומען? א סך האבען זיי געברענגט? אז, בלאמירט האבען זיי דעם גאנצען געדאנק מעהר ווי דורך דער קאנפערענץ גופא. שלום אש מיט זיינע מעשיות אין בוטשאטש און אין סטאניסלוי או: ז. וו. 'או. ז. וו. האט זייער ווענינ ביינעטראגען, צו הייבען זיין אנזעהען און דאס אנזעהען פון זיינע חברים. די הכנסות אבער פון דעם טורנע וועגען זענען אויפגעגאנגען אויף די הוצאות און שוין!

יעדער יודישער לעזער און אפילו יעדער יודישער שרייבער מוז ביינען זיין קאפּ אין הכנעה פאר פּ־ץ'ס גרויסען טאלענט! אבער אלס רעדאקטאָר האט ער קיין



רעפּרוידאציע און וועלבסטמאָרד: קאיזערליכער ראפה וואלפבויער וועלכער האט זיך גענומען דאס לעבען.



א גוייסער אלם קעניג אין אינדיען.

מזל נישט. אבער די זאכען וואס ער רעדאקטירט, האבען נישט קיין מזל... מען ברויכט נאָר דערמאנען די „יודישע ביבליאָטהעק", פאר וועלכער ס'זענען געזאמעלט געוואר־ען היבשע טוזענדער רובעל — און וואו איז אלעס אהינגע־קומען? קוים 4 העפטליך זענען ארויסגעגעבען און שוין! אויך דער נייער זשורנאל וועט נישט האבען קיין בעסערן סוף, אויב ער וועט נישט אונטערשטעהען א ענערגישען קאמיטעט, וואס וועט די זאך אויפפאסען מיט ערנסט און ווירדע.

און איבערדעם קען מען נאר ווינדערהאלטען, אז ווי ווייט פּ־ץ און אַ'ש וועלען ביי אונז זיין גאנץ חשוב'ע געסט, וואלט זייער תשיבות אפשר נאך גרעסער געווען, ווען זיי וואלטען געקומען אהן א „טלית שכלה הכלת", אהן א מין איינרעדעניש, אז זיי מיינען עפּיס עניני־הכלל... נאר פראסטע פשוט. זיי קומען משפּיע זיין אויף דעם עולם. מהנא זיין דאס פובליקום מיט זייערע נייעסטינע שעפּפענגען, ס'פערשטעהט זיך, אז צולענען צו דעם עסק ברויכען זיי נישט...

שלום אַש פ־ן זיין זייט מאכט [illegible] אבער דעם יודישען פובליקום אונמעגליך, זיך צו פערהאלטען רוהיג נעגען איהם. ס'איז נאך נישט פערגעסען געווארען דער סקאנדאל, וועלכען ער האט א־ויסגערופען מיט זיין נאַ־יש אויפטרעטען געגען דער מילה, און שוין ווידער האט איהם דער נאר געשטופּט צו א פּ־ישען ששות...

אין דר. זשיטלאָווסקי'ס מאנאטליכען זשור־נאל „דאס נייע לעבען" איז אבגעדרוקט אַש'ס א סקיצע „אין קארנעוואל־נאכט", אין וועלכער ס'ווע־ט געשילדערט, ווי אין א קארנעוואל־נאכט נעהט קריסטוס ארו'ם פון פעטערקירכע אין רו'ם, בענענענדיג משיח'ן געשמידט מיט „שווארצע קייטען". זיי לאזען זיך אריין ביידע אין א שמועס, אין וועלכען מיר הערען קריסטוס'ן זאגען פאל־גענדע ווערטער:

— צו בין איך דען נישט צו אייך געקומען? צו־ראב איך דען אייך נישט ווי א הוהן, וואס נעמט איהרע יונגע היהנדעלעך אונטער איהר פלינעל ארונטער. —

נישט געוואָלט נעהמען? צו האב איך דען פאר אייך מיין בלוט נישט פערגאסען און מיין מאַמע'ס אוינגען? צו וועמען בין איך דען נעגאַנגען? און אונזערע כתי־מרדשים האב איך מיך דען נישט נעפונען? אין די שוהל־הויפען האב איך מיך דען נישט אויפגעהאַלטען? און צווישען אונז און פאַר אונז מיין וואַרט פארשפרייט? און ווי פון אַן אבקרעצינען האט איהר זיך פון מיר אבנעשיידט.

מען וואָלט דאס נאר נישט נעגלייבט. אז אַ יודישער שרייבער, וואס רעדט נאך אינם נאמען פון נאציאנאַליזם, זאל נעברויכען אַזעלכע ווערטער, וואס פּאַסען פאר די בעקאַנטע מיסיאָנערליך. וועלכע פערקויפען זייערע נשמות פאר א גראָשען... ביי אַש'ן אָבער איז דאס נישט א „שגגה שיצאה מלפני השליט“. נישט עפּיס א „פליטת הקולמוס“, א נישט־דייטליך אויסגע־דריקטער געדאנק — ניין, דאס איז ביי איהם א סיסטעם; אין א אַרטיקעל לכבוד די טשערנאָוויטצער „קדושים“ ברענגט ער אויך צוזאַמען אונזער מוטער רחל מיט דער „הייליגער מרים“ און לאזט בײדע וויינען איבער די קרבנות פון די פאגראָמען...

און דער פילאזאף דר. זשיטלאָווסקי. וואס האט פאַר אַ יאהרען אין טשערנאָוויטץ געהאַלטען דורכפיהרען די החלטה, אז יודיש איז „די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יודישען פאלק“. און איצט שרייבט ער אינטער דעם אויפ־רוף פאר א העברעאישער שפּראַכקאָנפּערענץ — אַז דער דר. זשיטלאָווסקי בעגריסט אַש'ס קאַרנעוואַל אין רוים מיט גאר א גרויסער שמחה און דריקט אוים זיין צופריע־דענהייט, וואס אַש האט דעם „קוראַזש“, אַריינצוברענגען די קריסטליכע בילדער־וועלט און סימבאַליק אין דער ליטעראַטור“...

און נאך אַלעם דעם ברויכט איהר אייך נאר נישט וואונדערן, ווען דאס יודישע פובליקום. דאס פובליקום, וואס פערשטעהט צו אורטהיילען צווישען גוטס און שלעכטס און טאַנצט נישט אַרום יעדען קאלב. וועט זיך בעדאנקען פאַר דער עה־ע. אַז אַזעלכע פערשוינען ווי אַש און זשיטלאָווסקי זאלען זיין זיינע גייסטיגע רעפּרעזענטאַנטען און רעדען אין נאמען פון זיינע אידעאַלען... אין דעם אופן וועט אַפילו נישט העלפען דער „טאַם־טאַם“, וועלכער דער „פאָרווערטס“ קלאַפּט שוין איצט לכבוד פון די געסט. און ס'וועט נישט העלפען דר. זשיטלאָווסקי פעררעהמטע, גייסטרייכע גייסטלאָזע פילאזאפיע. נר ותושב.

אין א פאַס ארום דער וועלט.

# א קאָנגרעס פאר העברע־אישע שפּראַך און קולטור.

נאך א לאַנגען שטילשטאַנד און שווערען קריזיס אין אונזער גייסטיגען און נאציאנאלען לעבען, האבען זיך אויך דאס נייע אָנגעהויבען צו בעווייזען אין אונזער פאלק פרישע לעבענס־כחות.

פון אונטער די פערשאָטענע הורבות שפּראַצען אין פערשיעדענע עָרטער ווידער אַרוים נייע אויפּוואַ־כונגס־קרעפטען, וואס בעדאַרפען מען זאל זיי היטען און שיצען, אומעטום בעמערקט מען איצט א שטרעבען צו א נייעם לעבען, אומעטום זעהט מען אַז א נייער אינ־האלט וועבט זיך און וואקסט אין אונזער וועלט, אפילו אין די ראזינע לענדער, וואס דאָרט איז דער נאציאנא־לער געפיהל, די יודיש־נאַציאנאלע אידעע געווען ווי טויט ביז אין דער לעצטער צייט. אויך דאָרט. זעהען מיר איצט אַיין אויפוואַכונג פון דעם יודיש־נאַציאנאלען בעוואוסטזיין. א שטרעבען צו קאָנצענטרירען די יודיש־גייסטיגע כחות.

דער שטאַרקער רצון פונ'ם יודישען פאלק צו ערהאַלטען און ענטוויקלען זיינע נאציאנאַלע לעבענס־פאָרמען, ברעכט מיט געוואלד זיך דורך אַ וועג, נעמט בעוואוסט און אונבעוואוסט — וואס א מאל מעהר אַרוים נ־עסערע קרייזען און עלעמענטען פון אונזער פאלק. און ווירקט אויך אויף דעם ווילען [illegible] די איינציגע אונטער אונז, כדי צו העלפען אויסבויען דאס צעשטערטע און צו שטאַרקען דאס וואס איז פעהיג צו עקזיסטירען,

אָבער, די אַלע פאַקטאָרען אַרבייטען און שאַפען ביי אונז נישט לויט א פעסטען און בעשטימטען פּלאַן. עס פעהלט זיי אַן איינהייטליך קלאָר פּראָגראם, אַזוי זענען אין דער לעצטער צייט ביי אונז נעגרינדעט גע־וואָרען פערשיעדענע חברות און אונטערנעהמונגען וואס זייערע אויפגאַבען זענען צו פערבעסערען די העברעאישע ערציהונג, צו פערברייטען און צו ענטוויקלען די העברע־אישע שפּראַך און ליטעראַטור, צו שאַפען העברעאישע קולטור־ווערשטעטען.

אָבער, דורך דעם וואָס די אַלע חברות האבען נישט קיין שום פּעראיינינטען פּלאַן צו זייער אַרבייט, דורך דעם וואס יעדער אַרבייט לויט זיין איינענעם ווילען און לויט זיין איינענע אחריות, — און ווייל דאס רוב זענען זיי אבהענגיג פון צופעלינע ערשיי־נונגען און איינצעלנע מענשען, דערפאר איז זייער אר־בייט צעבראָכען און צעוואָרפען, און קען נישט אנגערו־פען ווערען נאציאנאלע קולטור־אַרבייט אין העכסטען זינן פונ'ם וואָרט.

און אַזוי ווי עס איז אויך נישטא אין דער צו־קונפט קיין האָפנונג, אז די העברעאישע קולטור זאל פערנעמען איהר ריכטינען פּלאץ אין אינזער לעבען, כל־זמן די נאַציאָנאַלע קולטור־אַרבייט וועט זיין צעטיילט און צעריסען דורך פערשיעדענע איניציאטיווען און וועט שטעהן אונטער דער השפעה פון פערשיעדענע ריכטונגען וואס זענען זיך אפט סותר איינע די אנדערע, דארום דאַרפען מיר טהון דאס זעלבינע וואס עס טהוט יעדער צבור, וועלכער רעכענט זיך מיט דעם לעבען — צו שאפען אַן איינהייטליכע נאַציאנאלע קולטור אָרגאני־זאציאָן וואס זאל ארום נעהמען אַלע אויפלעבונגס־כחות וועלכע זענען צעשפרייט אין אונזער פאלק און פעראיי־ניגען זיי אין די ראַהמען פון אַן אָרגאַניזירטער פאלקס־אַרבייט.

כדי צו שאפען דיעזע העברעאישע אָרגאַניזאַציע רופען מיר אלע די וואס ערקענען איהר נויטינקייט, צו א „קאנגרעס פאר העברעאישע שפּראַך און קולטור“ וואס וועט פארקומען אין חדש דעצעמבער 1909.

די אויפגאבען פון קאנגרעס וועלען זיין:

1) אויסאַרבייטען א פּראָגראם פאר דער אַלגע־מיינער אָרגאַניזאַציע, וואס זאל אַריינגעהמען אַלע אונ־זערע קולטור־בעדירפניסע, ווי די פערברייטונג און ענטוויק־לונג פון דער העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור, די אויסבעסערונג און אָרגאַניזירונג פון דער העברעאישער ערציהונג. די פערברייטונג פון דער לעבעדיגער העברע־אישער שפּראַך.

2) שאַפען א זיכערען, רעאלען יסוד—ווי למשל. די גרינדונג פון א בעזונדערען קולטור־פאנד — וואס זאל קענען אויסהאַלטען די אַלע חלקים פון דיזער קולטור־אַרבייט. כדי זי זאל האבען א זיכערן קיום און זאל נישט זיין אבהענגיג פון צופעלינקייטען און פון די חסרים פון איינצעלנע מענשען.

דיזער העברעאישער קאנגרעס איז נישט קיין צוזאַמענפאהר פון דער אדער יענער פאַרטיי. נור אן אלנעמיינע יודיש־נאַציאנאלע פערזאמלונג. יעדער יוד וואס האלט דאפיר, אַז העברעאיש איז אונזער נאַציאָנאַל שפּראַך און וואס וויל מיטהעלפען אין א אָרגאַניזירטער אַרבייט פאַר איהר אויפלעבונג און ענטוויקלונג, קען נעמען אַן־אַנטייל אין דיעזען קאָנגרעס.

מיר מוזען אַנווענדען אַלע אונזערע כחות נישט נור פאַר דער אויסבעסערונג פון אונזער פאליטישער און עקאנאָמישער לאַגע, נור אויך פאר דער ערהאלטונג פון אונזער נשמה און איהר בעזונדערען עצם און נאַנצ־קייט.

עס איז אונמעגליך אז דאס יודישע פאָלק זאל עקזיסטירען אהן דער העברעאישער נאציאנאלער קולטור וועלכע ענטוויקעלט זיך און וועבט די היסטארישע פעדים פונ'ם יודישען גייסט. דיעזע נאַציאנאלע קולטור מוז דורכגעפיהרט ווערען דורך א נאַציאנאַלע אָרגאַניזאַציע וואס זאל פערבונדען דיעזע גייסטיגע פעדים מיט דעם יודישען פאלקס־לעבען, די פרטים וועגען פּראָגראם, צייט און ארט פון דעם קאנגרעס וועלען מיר נאך בעקאַנט מאַכען.

ש. י. אבראַמאָוויטש (אָדעס). ם. ם. אוסישקין (אָדעס). אחד־העם (לאָנדאָן). ח. נ. ביאליק (אָדעס). ב. אביגדור (וואר־שוי). בן־יהודה (ירושלים). ש. בן־ציון (יפו). דר. מרדכי ברוי־דע (לעמבערג). יהודה גראַזאָווסקי (ביירוטה). שמעון דובנאוו (פעטערסבורג). ש. א. האראדעצקי (בערן). פּראָפעסאר יוסף הלוי (פאַריז). דר. חיים זשיטלאָווסקי (נוייאָרק). דר. י. האזא־נאָוויטש (ביאַליסטאָק). פּראָפ. צבי פ. חיות (פלארענציע). דר. יהושע טהאָן (קראַקוי). דוד ילין (ירושלים). מרדכי בן הלל הכהן (יפו). יעקב כהן (בערן). א. ש. לעווינסקי (אָדעס). דר ר. ש. מאַגנעס (ניויאָרק). יעקב מאזעה (מאָסקווע). דר. יצחק נעסיראָוויער (יאסי). דר. מ. נאָרדוי (פאַריז). נחום סאָקאָלאָוו (קעלן). דר. נחמן סירקין (נוייאָרק). דר. נ. סלושץ (פאַריז). דר. י. עהרענפרייז (סאפיא). זלמן עפּשטיין (פעטערסבורג). יצחק עפּשטיין (לאזאַן). דוד פרישמאַן (וואַרשוי). הלל צייטלין (וואַרשוי). דר. טשלענאוו (מאָסקווא). דר. יוסף קלויזנער (אָדעסאַ). פּראָפ. לעאָן קעלנער (טשערנאָוויטץ). דר. י. ל. קאַצענעלענזאָהן (פעטערסבורג). י. ח. ראַבניצקי (אָדעסאַ). שלמה שילער (לעמבערג). שלום־עליכם (נערבי). ז. שניאור (וואַרשוי). פּראָפ. באָריס שאַטץ (ירושלים).

צענטראַל־קאָמיטעט פון „עבריה“. צענטראַל־קאָמיטעט פון לעהרער־פערבאנד אין פאַלעסטינא. העברעאישע לעהרער־ארגאניזאַציע אין רוסלאַנד. העברעאישע לעהרער־אָרגאַניזאציע אין עסטרייך. „הזמיר“ אין וואַרשוי.

דער פאָרבערייטונגס־קאָמיטעט אין בערלין:

דאצענט דר. י באַנעט. דר. מאַרטין בובער. ראובן בריינין. ש. איש הורביץ. דר. מרדכי וואַרשויער. דר. ווילענסקי. דר. עמיל לעווי. דר. היינריך לעווי. דר. שמריהו לעווין. א. ש. מאָצקין. דאצענט דר. מיטוואך. בערטאָלד פייוועל. שריפטפיה־רער: בן־ציון גאָטליעב. יוסף ליאָן.

די אדרעסע איז:

Herrn Dozenten Dr. E. Baneth, für Kulturkongress-Komitee, Berlin C, Rosenthalerstr. 25.

# דאָן יוסף הנשיא, הערצאָג פון נאקסאס

## היסטארישער ראמאן אויס דעם זעכצעהנטען יאהרהונדערט

פריי בעארבייטעט נאך י. ווילדענראר.

(ויעבצעהנטע פאָרטזעצונג. *)

אבטצעהנטעס קאפיטעל.

מרים איז געוועזן שמעון'ס כלה, נאך אין ווענעדיג. ביידע האבען זיך שטארק ליעב געהאט און געצעהלט די טעג, ווען זיי וועלען זיך שוין קענען פעראייניגען אויף אייביג.

אָבער פלוצים איז זייער גליק צערשטערט געוואָרען און פינסטערע וואלקען האבען פערפינסטערט זייער לעבטיגע זון.

אין א שעהנעם זומער פארנאכט, ווען מרים איז געפאהרען מיט עטליכע חבר'טעס אין א שיפעל אויף דעם גרויסען קאנאל שפאציערען, איז זיי א קעגענגעקומען דער פירסט דאנדאלא מיט זיין שיף.

די יודישע מיידליך זענען איהם שטארק געפעלען און נישט פרעגענדיג קיין סך, בעפעהלט ער זיי, אריבערצוקומען אויף זיין שיף.

די מיידלעך ווערען שטארק דערשראקען און פראבירען צו שרייען, אבער ווער וועט זיך אין ווענעדיג אננעהמען פאר יודישע מיידלעך?... באלד זענען זיי ארומגערינגעלט פון באנדאלא'ס קנעכט און ווערען אריבערגעשלעפט אויף זיין שיף ווי די סקלאווינען...

עס העלפט נישט קיין שרייען, קיין בעטען, קיין וויינען... פירסט דאנדאלא לאזט פון זיין רויב נישט אב. די אנדערע מיידליך, וועלכע זענען געוועזן ווענינער שעהן, שענקט ער אוועק זיינע חברים. מרים אבער, שמעון'ס כלה, לאזט ער ביי זיך אלס מאיטרעסע אינטער שטרענגער בעוואכונג.

ווען שמעון ווערד געוואהר, וואס מיט זיין כלה איז געשעהען, ווערד ער שיער נישט משוגע פאר גרויס צער... ער רייסט זיך די האאר פון'ם קאפ און וויל זיך אין וואסער אריין ווארפען, אבער זיין פאטער, דער רב, האלט איהם אב דערפון און טרייסט איהם, אז אפשר וועט איהם נאך זיין באשערט, מרים'ן צו קענען בעפרייען...

שמעון לאזט זיך אויסרעדען זיין צער און בערוהיגט זיך. אבער אין זיין הארץ צעפלאמט זיך א שטארקע שנאה צו ווענעדיג און ער שטרעבט נאך א בלוטיגער נקמה...

דאס איז אויך געוועזן דער גרונד, פאר־וואס ער האט זיך אנגעשלאסען צו דון יוסף הנשיא, זעהענדיג אין איהם דעם מאן, וואס וועט צוכטיגען די שטאלצע איינגעבילדעטע ווענעציאנער.

און דאס איז אויך געוועזן דער גרונד, וואס ער האט זיך פלוצים געקעהרט מיט אזא ווילדען האס קעגען דון יוסף הנשיא. אין דעם מאמענט ווען ער האט איהם חושד געוועזען, אז ער וויל נאר שלום מאכען מיט די ווענעציאנער...

פירסט באנדאלא האט מרים'ן מיטגענומען מיט זיך קיין ציפערן, ווען ער האט בעקומען דעם בעפעהל, איבערצונעהמען דאס קאמאנדא איבער דער פעסטונג ניקאזיא. ערשט איצט, נאכדעם ווי דאנדאלא איז געטעדטעט געוואָרען, האט מרים געוואונען איהר פרייהייט. און א צופאל האט דאצו געפיהרט, אז זי בעגעגענט תיכף איהר געוועזענעם חתן שמעון...

מרים דערצעהלט איהם, אלעס וואס איהר איז פאסירט ביז אויף דעם היינטיגען טאג... ווען דון יוסף הנשיא האט זי בעפרייט פון די ווילדע טירקען, וואס האבען זי געוואלט פערקויפען פאר א סקלאווין...

— דון יוסף הנשיא האט דיך בעפרייט! — רופט שמעון איבערראשט — ווי שרעקליך איז דיעזע ידיעה פאר מיר! ווי שרעקליך!

— איך פערשטעה דיך נישט, שמעון! — זאגט מרים — וואס האסטו געגען דיעזען מאן?

— איך בין געקומען אהער, איהם טעדטען! — ענטפערט ער — איצט בין איך איהם א דאנק שולדיג און דארף איהם איבערבעטען פאר אלעם דעם שלעכטען, וואס איך האב איהם צוגעפינט... דער געדאנקע איז שרעקליך!

ווערענד זיי רעדען אזוי קומט אן דון יוסף הנשיא, פערטיעפט אין געדאנקען.

ווען ער דערזעהט שמעון'ן וויל ער זיך צוריקציהען, ווייל דער אנבליק פון דיעזען פאנאטיקער איז איהר זעהר פערהאסט.

שמעון אבער לאזט איבער מרים'ן און נעהמט איהם אקעגען.

א מינוט לאנג שטעהען זיך די ביידע מענער קעגענאיבער. דון יוסף קוקט מיט א בליק פון פעראכטונג אויף זיין געגנער, וועלכער פערפאלגט איהם אזוי שטארק אהן א שום אורזאכע.

שמעון שטעהט מיט אראבגעלאזטע אויגען, גלייך ער וואגט עס נישט, זיין געגנער צו קוקען גלייך אין פנים אריין.

שליעסליך פאסט ער זיך און זאגט:

— דו האסט מיך נישט ערווארטעט, דא צו זעהען, הערצאָג פון נאקסאס! נאך מעהר וואלסטו אבער איבערראשט געוועזען, ווען דו זאלסט וויסען, צו וועלכען צוועק איך בין אהער געקומען!

— איך וויים, איך וויים! — ענטפערט דון יוסף רוהיג — דיין האס צו מיר טרייבט דיך צו פערפאלגען מיינע שריט...

— אמת! — ענטפערט שמעון — אָבער איצט קען איך דיר נישט מעהר קיין שלעכטס טהון. וואס וואס דו האסט בעפרייט מיין געליעבטע צווינגט מיך, איינצושטעקען דאס שווערד און נישט מעהר צו קרייצען דיין וועג...

— טהו ווי דו פערשטעהסט! — ענטפערט דון יוסף — מרים איז פריי, זי קען מיט דיר געהן, וואוהין דו ווילסט... נאר איין זאך בעט איך דיך. אויב דו וועסט אפשר ערגיץ־וואו בעגעגענען מיין לעאָנארא, האנדעל געגען איהר אזוי ווי איך האב געהאנדעלט געגען דיין מרים!...

— שמעון אבער ענטפערט:

— דאס, וואס דו האסט געטהון געגען מרים, בינדט מיר די הענד פון צו האנדלען שלעכט געגען דיר... פערגעס די הארטע ווערטער, וועלכע דו האסט עטליכע מאל געהערט פון מיין מויל. עס איז געוועזען גאט'ס ווילען, מיר זאלען זיך אקעגענשטעהען אלס שונאים! אָבער פון היינט אן וויל איך דיך נישט מעהר בעגעגענען. געה דו דיין וועג, איך וועל געהען מיין וועג...

נאך איידער דון יוסף הנשיא קען עפיס ענטפערן, דרעהט זיך שמעון אוים און געהט אוועק... א מינוט לאנג בלייבט ער שטעהן פון דער ווייטענס און בליקט אויף מרים, צו זעהען, אויב זי וועט איהם נאכגעהען, זי אָבער שטעהט ווי פערשטיינערט פאר איבערראשונג און ריהרט זיך נישט.

שמעון פערשווינדעט באלד צווישען די ביימער פון וואלד.

* * *

עטליבע שעה שפעטער שטעהט שמעון פאר דעם קריעגסמיניסטער מוסטאפא.

— נו, וואס איז נייעס? — פרעגט מוסטאפא.

— נאר נישט! — ענטפערט שמעון — איך בין דיך געקומען בעטען, דו זאלסט מיר ערלויבען צוריקצוקעהרען קיין קאנסטאנטינאפעל.

— און דיין שליחות האסטו שוין אויסגעפיהרט? — פרעגט מוסטאפא ווייטער.

— ניין! — ענטפערט שמעון — פאר דיעזע אויפגאבע מוזט איהר זיך ארויסזוכען איין אנדערען...

— וואס, יודישער קנעכט — שימפפט מוסטאפא — דו מיינסט איך וועל דיך לאזען צוריקפאהרען קיין קאנסטאנטינאפעל איידער דו וועסט אויספיהרען דעם בעפעהל פונ'ם גראסוועזיער?

— אפשר קען דאס איין אנדערער טהון? — בעט זיך שמעון.

— זיכער קען דאס איין אנדערער טהון — זאגט מוסטאפא — איך ברויך נאר געבען א ווינק, און הונדערטער שלדאטען וועלען ערפילען מיין וואונש... אבער איך וויל דוקא, אז דער יודישער פירסט זאל געטעדטעט ווערען דורך א יוד... עס וועלען דיר נישט העלפען קיין שום טענות... דו מוזט אויספיהרען דעם בעפעהל, אויב דיין לעבען איז דיר ליעב!...

— אלסדינג וואס דו וועסט מיר בעפעהלען, וועל איך טהון — ענטפערט שמעון — אבער פון דער איינער זאך בעפריי מיך!

— האסט מורא בעקומען, יוד? — פרעגט מוסטאפא שטרענג.

— מורא? ניין! — ענטפערט שמעון — מורא האב איך נישט!

— אויב אזוי בעוויז דיין גבורה — זאגט מוסטאפא — און ברענג מיר דעם קאפ פון דון יוסף הנשיא! ער געפינט זיך דארט אין וואלד נישט וויים פון ניקאזיא מיט זיינע דיענער.

איך גיעב דיר דריי טעג צייט דאצו. אבער ביז דעמולט מוזטו אויספיהרען מיין בעפעהל, ווען דו ווילסט לעבען...

שמעון זעהט, אז מוסטאפא איז הארט און לאזט זיך נישט ערווייכען. ער פאלט איהם צו די פיס און בעט:

— נעם צוריק דיין בעפעהל, מעכטיגער הערר! איך קען נישט טעדטען דעם קעניג פון נאקסאס!

— דו קענסט נישט! — שרייט מוסטאפא — פאר וואס? וואס איז געשעהען זייט היינט אין דער פריה, דעמולט האסטו דאך שוין געוואלט תיכף אויספיהרען דיין שליחות. איך האב דיך בלויז אבגעהאלטען, כדי דאס זאל נישט געשעהען אין מיין געגענווארט — און איצט קענסטו נאר נישט מעהר.

— יא, עס איז עפיס נייעס געשעהען זייט היינט פריה — ענטפערט שמעון.

— למשל, וואס? פרעגט מוסטאפא.

שמעון דערצעהלט איהם די גאנצע געשיכטע מיט מרים'ן, מיינענדיג אז איצט וועט שוין מוסטאפא אליין פערשטעהען, אז ער קען דון יוסף הנשיא קיין שלעכטס נישט טהון...

אָבער מוסטאפא האט זיך צעלאכט און זאגט:

— דו ביזט א נאר! דו מיינסט, אז פון דיינעטוועגען האט דער הערצאָג פון נאקסאס בעפרייט דיין כלה! דו ביזט דיך טועה! ער האט זי בעפרייט טאקי פון זיינעטוועגען און נאר דורך א צופאל ביזטו אנגעקומען און האסט זי דערקענט... דו האסט נאר קיין פערפליכטונג קעגען דעם הערצאָג און מוזט אויספיהרען דיין שליחות.

— איך קען נישט און וועל עס נישט טהון — ענטפערט שמעון ענטשלאָסען — ליעבער זאלסט דו מיך טעדטען...

---

*) נייע אבאנענטען ערהאלטען די פריהעריגע פארטזעצונגען אויף פערלאנגען גראטיס צוגעשיקט.

מוסטאפא אבער זאגט הארט:

— טערטען? — ניין! דאס וועל איך נישט טהון. אבער צווינגען וועל איך דיך, אויסצופיהרען מיינע בעפעהלע. איך וועל דיר שוין ארויסשלאגען דאס עקשנות. דו איינגעשפארטער יונג!

מוסטאפא ווינקט צו זיינע קנעכט. באלד איז שמעון ארומגערינגעלט פון עטליכע זאלראטען, וועלכע רייסען איהם אראב די קליידער און שליעסען איהם אין קייטען.

שמעון שווייגט. ער לאזט אלסדינג מיט זיך געשעהען און קוקט נאר מיט בעטענדיגע אויגען אויף מוסטאפא.

מוסטאפא ווערד אבער נישט גערידהרט. מיט כעס רופט ער איהם נאך:

— ווען דו וועסט זיין גרייט, צו ערפילען מיין בעפעהל, וועסטו זיין פריי! עס ליעגט אין דיין האנד. דו זאלסט באלד ווערען א פרייער מענש!

(פארטזעצונג קומט).

24 ארבייטער דערטרונקען: ביים דאכ-ברוך אין ניו-פארט ווערען 24 ארבייטער פערשיט מיט וואסער און דערטרונקען.

# דער צוזאמענפאהר פון די „קולקא ראלניטשעס" אין קראקא.

יענע וואך איז געוועזען אין קראקא א צוזאמענפאהר פון די „קולקא ראלניטשעס" און עס זענען אהער געקומען איינינע הונדערט פערט-עטער און דעלינירטע פון די גרעסטע לייט פונ'ם לאנד.

די היעזיגע שטאדטפערוואלטונג האט מיט די רעפרעזענטאנטען פון די „קולקעס" געמאכט א גאנצע חתונה. מען האט פאר זיי אנגעגרייט גאנצע סעודות-שלמה אין אלטען טעאטער-זאל. און דער פרעזידענט האט זיי מיט א פייערליכער רעדע עמפפאנגען. דער שטאטהאלטער האט זיך ענטשולדיגט וועגען זיין נישט טהיילנעהמען אן דער פערזאמלונג.

מחמת די קולקא ראלניטשעס זענען געגרינדעט געווארען כדי ארויסצודרענגען די יודען אין גאליציען פון האנדעל. און שפיעלט היינט אזוי איין גראסע ראלע, איז כדאי זיך מיט דעם ענין א ביסעל נעהער בעקאנט צו מאכען.

לויט דעם בעריכט וואס די פערוואלטונג האט דעם צוזאמענפאהר פארגעלעגט איז פאלגענדעס צו ענטנעהמען:

די ארגאניזאציע בעשטעהט היינט פון 1340 פעראיינע וועלכע זענען פערבונדען דורך דיזעלבע שטאטוטען אין איין „פעראיין פון די קולקא ראלניטשע". אין די 1340 פעראיינע זענען פארהאנען 52,375 מיטגליעדער. אינ'ם לעצטען יאהר אליין זענען צוגעקומען נייע 14,642 מיטגליעדער. אלע די מיטגליעדער האבען אין דעם פערגאנגענעם יאהר געלייסטעט איבער 50,000 קראנען.

60 פערצענט פון אלע קולקא ראלניטשעס האבען זייערע אייגענע געשעפטע און פיהרען זייער האנדעל מיט א קאפיטאל פון 406,665 קראנען. די געשעפטע ענטוויקלען זיך וואס אמאל בעסער און ברענגען זעהר שעהנע הכנסות וועלכע האבען ערלויבט ביז 260 קולקא'ס צו בויען אייגענע הייזער.

א חוץ דעם האט מען פון די דאזיגע הכנסות אויסגעגעבען: 48,951 קראנען אויף צו בויען קירכען און שילען. די צענטראלקלובליטונג וועלכע איז געשאפען געווארען אין די לעצטע צייטען, האט פערקויפט די קולקא סחורות פאר 1 מיליאן קראנען. צוערשט האט די צענטראל-לייטונג נור פערקויפט מאשינען און ארטיקעל וועלכע זענען נויטיג צום אקערבוי; היינט פערקויפט זי אויך צוקער, קאפע, וויין, ציגדהעלצעל, נאפט, זייף, פערשיעדענע שפעצעריי-ארטיקעל און נאך אנדערע סחורות.

פאוואלי צענטראליזירט זיך דער גאנצער איינקויף פון סחורות פאר די קולקא'ס אין דער צענטראל-לייטונג. אלע קראמען און געשעפטע פון די קולקא ראלניטשע'ס האבען אינ'ם לעצטען יאהר אויפגעוויזען איין אומזאץ פון 7,296,431 קראנען און זיי האבען איינגעקויפט סחורות פאר'ן ווייטערן פערקויף פאר 3,142,101 קראנען.

מיט דעם שטייגען און ענטוויקלען פון די קולקא, פאלט צוגלייך דער יודישער האנדעל. יע שטערקער און קאלאסאלער די קראפט פון די „קולקא'ס" ווערד, דעסטא זינקט דער יודישער האנדעל. רען מיר דארפען נישט פערגעסען. אז אלע די קולקא'ס זענען בעצם ובראשונה געריכטעט געגען דער יודישער בעפעלקערונג. און אז דיזעלבע האבען וועהרענד 15 יאהר פערדרענגט מעהרערע הונדערט טויזענד יודען פון די דערפער און קליינע שטעדטלעך, ווייל זיי האבען קיין כח געהאט צו קאנקורירען מיט די מיליאנען וועלכע די קולקא'ס ואמלען אן, און צו קעמפפען געגען שטערקערע אלס זיי זענען, דען אז די בעהערדען זענען זיי — די קולקא'ס — געניינטער ביי ערטיילונג פון קאנצעסיאנען און נאכזיכטיגער געגען שטייער, און מען איז מיט זיי נישט מדקדק כחוט השערה, דאס פערשטעהט זיך פון זעלבסט.

די בויערן-סוחרים פון די „קולקא'ס", זענען ביי זייער גאנצע אומה יאקאש ווי נאציאנאלע העלדען. איבעראל ותערען זיי פערהערליכט. איבעראל סובוועגציאנירט. יעדער קריסט האלט זיך פיר איין זכות עפים צו שטייער צו געבען צו דער קולקא! און היינט ערשט ווי ווערד אגיטירט אז מען זאל נור ביי זיי קויפען!... זעלבסטפערשטענדליך אז קענען אזוי איין מאכט, אזוי איינע ארגאניזאציע איז דער יוד אהנמעכטיג און מוז זיך זיין בינדעל שנירען און אויסוואנדערן!...

און אזוי זענען זייט דעם יאהר 1894 מעהרערע הונדערט טויזענד יודען אין גאליציען אויסגעוואנדערט פון די דערפער און קליינע שטעדטלעך. א טהייל זענען קיין אמעריקא, א טייל זענען אין די נעכסטע שטעדט און קאנקורירען מיט זייערע אייגענע ברידער אויף דעם אופן איז ענטשטאנדען אין גאליציען א מאראלישעס געטהא וועלכעס איז נישט בעסער אלס דיעיעניגע פון דעם מיטטעלאלטער. האטש אפילו מויערן רינגעלן נישט ארום אונזער געטהא. און „מיר האבען אלע פרייהייטען" וויל מען אונז איינרעדען, ניין, טויזענד מאל ערגער נאך ערגער, ווי אים מיטטעלאלטער! דען פאליטיש זענען מיר טוידט. אין דער עקאנאמיע זענען מיר אהנמעכטיג. געזעלשאפטליך פערשטאסען. וואס עס איז היינט מעהר ווי פארצייטען אויפ'ן שייטערהאפען פערברענען.

אז די אבינע ציפערן האבען אונז נאך נישט ביז אצינד שכל געלערנט, או מיר קענען אונז נעגען די נעפאהר פון די קולקא נישט אנדערש שיטצען, נור מיט אויך אזוי איין אינשטיטוט וועלכעס זאל שיטצען די יודישע סוחרים, אין די דערפער און אין די קליינע שטעדלעך. דאס בעוויזט ליידער ווי ווייניג געמיינזין און סאלידאריטעט אונטער אונז הערשט. זעהר לייכט וואלטען מיר געקענט שיטצען די בעדיענטען פון דער קולקא ראלניטשעס ווען מיר מעכטען נור וועלען.

דען וואס איין יחיד נישט קאן, קאן איין צבור. און ווען „זיי" האבען געקענט צוזאמען שטעלען זא איין מעכטיגעס אינשטיטוט. וואס „זיי" האבען קיין בלויען דונסט געהאט פאם האנדעל, און דאצו בעגנבינען „זיי" תמיד זייערע אייגענע פערוואלטערס ווי עס איז יעדען בעקאנט. מכל שכן נאך ווי מעכט עס אונז ערשט געלונגען ווען מיר וואלטען נור וועלען.

אונזערע „קולקא'ס" ברויכען נישט גראדע דירעקט געריכטעט זיין געגען זייערע, נור אינדירעקט, פונקט אזוי ווי דער גראף טא-גאווסקי האט פאר זעכצעהן יאהר דא געזאגט, ביי דער גרינדונג פון די קולקא'ס: מיר זינד קיינע אנטיסעמיטען, מיר האסען ניכט די יודען, דערפאר ברויכען מיר זיך נאך נישט לאזען פון די יודען אויספייטען און בערויבען...

אזוי זאגען מיר אויך: מיר זענען קיינע געגנער נישט פון די קולקא'ס, מיר ווינשען זיי דאס גרעסטע גליק, דערפאר ברויכען מיר זיך דענאך אונזערע אייגענע הויט שיטצען.

קראקא 11 יולי 1909. בן-שאול.

# בכל-מכל-כל.

(נישטא קיין גליקליכע מענשען אויף דער וועלט — בילאוו און בעטהמאן-האלוועג — יורישע אבשטאמונג — ראטהשילד'ס צרות — נייע שידוכים — ער הייסט נתנאל ראטהשילד).

נישטא קיין גליקליכע מענשען אויף דער וועלט...

פירסט בילאוו איז געוועזען 12 יאהר דער לייטער פין דער דייטשער אויסווערטיגער און אינערער פאליטיק. דער קאיזער איז פון איהם העכסט צופריעדען געוועזען. „מיין בערנהארד" פלעגט ער איהם רופען און אפט קומען צו איהם אלס גאסט צום פריהשטיק. די דייטשע פרעסע, די קאנזערוואטיווע ווי די ליבעראלע, האט פין איהם געלעקט די פינגער. אין די וויץ-בלעטער איז ער געוועזען א שטענדיגע פיגור — און דאס איז א סימן פון גרויסער פאפולאריטעט; אלס פראסטער בערנהארד פון בילאוו האט ער איבערגענומען דאס אמט און איז שנעל אוואנסירט ביז צום „פירסט בילאח"...

אבער ס'איז נישטא קיין גליקליכע מענשען אויף דער וועלט! ווענען עפ'ס א קלייניגקייט מוז ער צוזאמענגעהמען זיינע זיעבען זאכען און געהען... מען זאגט איהם נאך די בעסטע שבחים. דער קאיזער. די דייטשע בונדעס פירסטען, פרעמדע מאנארכען, שריפטשטעלער, געלעהרטע, פארטייען און אינסטיטוטע שיקען איהם

ראנקבריעף, אדרעסען, אויסצייכנונגען און איבערשיטען איהם מיט עהרען — אבער נעהמען טוו ער דאך...
נישטא קיין גליקליכע מענשען אויף דער וועלט!...

* *

בילאו'ס נאכפאלגער פון בעטהמאן־האלוועג איז נישט קיין בעקאנטע פיגור. האָטשי ער האט שוין דורכגעמאכט די ווייטסטע קאריערע. האט אבגעדינט פאסט אין אלע פאליטישע עמטער און איז שוין עטליכע יאָהר געוועזען א שטעלפערטרעטער פון בילאוו — קען מען איהם אין פארלאמענט נאר וויינינ, אים אויסלאנד איז ער גאנץ אונבעקאנט... זיין ערנעננונג צום רייכסקאנצלער איז א גרויסע איבעררא שונג פאר יעדען און אנ'אנדערער אויף זיין ארט וואלט בעראָפט נאָר צופריעדען זיין.

אבער ס'איז נישטא קיין גליקליכע מענשען אויף דער וועלט!

בעטהמאן־האלוועג איבערנעמט זעהר א שווער אמט און מען קען שוין היינט זאגען. אז ער וועט זיך נישט לאנג קענען האלטען... נישט ווייל ער איז אונפעהיג דאצו, דאס ווייסט מען לעת־עתה נישט. אפשר וועט ער זיך גאר ווייזען בעזונדערס פעהיג און טיכטיג... אבער דער נייער קאנצלער איז „ערבליך" בעלאסטעט. ער שטאמט אב פון א יודישער פאמיליע און מען קען זיין זיכער, אז ביי דער ערשטער געלעגענהייט, ווען זיין פאליטיק וועט נישט געפעלען, וועט זיך אנהייבען א קעסעל־טרייבען געגען דעם „יודישען" קאנצלער, וואס וועט איהם פערביטערן דאס לעבען!

נישטא קיין גליקליכע מענשען אויף דער וועלט!...

* * *

ראכט זיך ראטשילד! ווער קען זיין גליקליכער פון איהם? וואס פעהלט איהם? געלד, כבוד, איינפלוס, אנזעהען! קיין שום זאך אין דער וועלט. אלסדינג קען ער ערדייכען. די טהירען פון קעניגליכע פאלאצען שטעהען פאר איהם אפען, אפילו די גרעסטע אנטיסעמיטען האָבען פאר איהם דרך־ארץ...

אבער ס'איז נישטא קיין גליקליכע מענשען אויף דער וועלט!

ווערד דעם וויענער באראן אלבערט ראטהשילד'ס א זוהן, א יונגער מאן פון 21 יאהר, נערוועז, טריעבזיניג און דאס לעבען ווערד איהם נמאס! מען שיקט איהם אויף רייזען, מען שפארט קיין געלד. אבי ער זאָל זיך צערשטרייען, געניעסען דאס לעבען און ווערען א מענש...

אבער ס'העלפט נישט! פארינע וואך איז באראן אסקאר ראטהשילד א היים־געקומען פון זיין לאנגער רייזע און דריי טאג שפעטער האט ער אנ'ענדע געמאכט צו זיין לעבען...

די פאמיליע פרובט עס אבצולייקענען, ס'הייסט, אז ער איז געשטארבען דורך א געהירענשלאג... אבער דער אמת איז דאך בעקאנט... ראטהשילד'ס איינפלוס רייכט זעהר ווייט. קיין איינציגע צייטונג האט געבראכט דאס בילד פון דעם טויטען, ווייל די פאמיליע וואָלט עס נישט גערן געזעהען. אפילו די אנטיסעמיטישע בלעטער האבען דאס סענזאציאנעלע ערייגניס אבגעטהון מיט עטליכע שורות, כדי נישט צו דערצערענען ראטהשילד'ן. אבער וואס העלפט איהם זיין געלד, זיין איינפלוס, זיין כבוד, ווען זיי קענען איהם און זיינע קינדער נישט זיס מאכען דאס לעבען?

און איצט קומען נאר וויענער דאקטוירעם און דערצעהלען א נייע מעשה: די פאמיליע ראטהשילד איז שטארק דעגענערירט. פיזיש און גייסטיג געשוואכט, ווייל זי איז זיך צומייסט משדך צווישען זיך, אזוי אז די פאמיליע בעקומט נישט קיין פרישע בלוט און יעדעס נייע דור ווערד כסדר שוואכער און שוואכער. מאנכע קינדער זענען קראנק, נערוועז, עפילעפטיש, מאנכע שטארבען פאר דער צייט... און אויב די פאמיליע וויל זיך ערהאלטען, מוז זי אנהייבען זוכען פרעמדע שידוכים פאר איהרע יונגערע דורות...

ס'איז נישטא קיין גליקליכע מענשען אויף דער וועלט.

* *

אין ענגלאנד שפיעלט לארד ראטהשילד די גרעסטע ראליע. דאס גאנצע רייכע ענגלאנד ביינט איהר שטאָלצען קאָפּ פיר דעם גרויסען מיליאָנען־הערשער. לארד קאלאניאל איז נישט בלויז רייך, נאר אויך א כלל־טהוער. פרעזידענט פון עטליכע וויכטיגע פאליטישע א־נאניואציעס און נעמט א שטארקען אנטהייל אין פאלישישען לעבען.

ס'איז געקומען אזוי וויית. אז ווען ראטהשילד שטעלט זיך אקעגען געגען געוויסע געזעצע, קענען זיי נישט דורכגעפיהרט ווערען. אזוי איז געשעהען פאריגעס יאהר ביים געזעץ וועגען די שענקען, די רעגיערונג האט זיך אנגעשטרענגט מיט אלע כחות, איהר פראָעקט זאָל ווערען אנגענומען, אבער ראטהשילד איז געווען דאגעגען און האט אויסגעפיהרט.

איצט קומט ווידער פאר א עהנליכע פאליטישער קאמפף. די רעגיערונג וויל ארויפלעגען נייע שטייערן, וועלכע זענען שטארק נישט־בעקוועם פאר די גרויסע קאפיטאליסטען.

ראטהשילד אן דער שפיץ פון די ענגלישע לארדען איז ווידער ארויסגעטרעטען דאגעגען און אין א גרויסער פערזאמלונג האט ער געזאגט:

„איך בין גרייט צו צאהלען די גרעסטע שטייערן, וואס די רעגיערונג טראכט נאר איינצופיהרען. איך ערקלער אבער, אז די נייע פראיעקטע זענען אנ'אונגליק פאר'ן לאנד און זייער מחבר איז א סאָציאליסט..."

די פערזאמלונג האט אנגענומען א שארפע רעזאָלוציע געגען די נייע שטייערן. דער רעגיערונג האט דאס נאטירליך נישט געשמעקט און אין עטליכע טעג ארום איז איינבערופען געווארען א נייע פערזאמלונג פון די ליבעראלען, ביי וועלכער דער פינאנצמיניסטער ל ל א י ד־ש א ר ש האט אויסגעגאסען זיין גאנצען גרימצאָ'ן אויף ראטהשילד, בענוצענדיג זיך מיט אזעלכע ווערטער, וואס זענען נאך נישט געהערט געווארען אין ענגלאנד געגען ראטהשילד.

— צופיעל — האט דער מיניסטער געזאגט — מישט זיך איינז שוין דער לארד ראטהשילד. וואו מען גיבט זיך א קעהר, א ריהר, טרעפט איהר ראטהשילד'ן אויפ'ן וועג. מען טאר נישט מאכען קיין געזעץ געגען שענקען, ווייל ראטהשילד וויל נישט. מען קען נישט פערגרעסערען די גאלאגען פון הייזער און נחלאות, ווייל ראטהשילד איז א פרעזידענט פ'ן א הייזער־בוי קאמפאניע; מען טאר נישט פערגרעסערען די גאלאגען אויף ירושה און הכנסות, ווייל ראטהשילד וויל דאס נישט. צי איז שוין טאקי באמת ראטהשילד געווארען דער דיקטאטאָר פון ענגלאנד? צי דארפען מיר טאקי באמת אויף יעדען געזעץ פרעגען די דעה פון נ ת נ א ל ר א ט ה ש י ל ד?

און אזוי האט דער איינפלוסרייכע לא־ד ראטהשילד פלוצים געהערט דערמאנען, אז ער הייסט נתנאל. דאס הייסט, אז ער איז א יוד און בעדארף נישט אזוי פיעל צו בעל־הבית'ן אין ענגלאנד...

דאס זעלטענע ארויסטרעטען פונ'ם מיניסטער האָט אנגעארבייט א גרויסען רעש. די ענגלישע פרעסע האט זיך אנגענומען פאר ראטהשילד'ן און פרובט איהם פערטהיידיגען, כדי צו פערווישען דעם רושם פון דער זאך, האט דער ענגלישע קעניג בעזוכט די לא־ד ראטהשילד'ס איינעם נאכ'ן אנדערן און האט ביי זיי פערווילט בכלל 36 שעה...

אָבער דאס ווארט איז א מאל געפאלען און וועט זיך שוין אפט ווידער־האלען. לארד ראטהשילד וועט עס שוין אפט הערען, אז אייגענטליך הייסט ער נתנאל און איז נישט קיין ענגלישער לארד...

ס'איז נישטא קיין גליקליכע מענשען אויף דער וועלט!...

בן־לאה.

# תשעה־באב.

(זכרונות פון מיין יוגענד).

ערב תשעה־באב.

א שענער. ווארמער זומערטאג. די זון שיינט און ווארמט מיט א מין בנעימות'דיגער ווארמקייט. וואָס צינ־ניעסט זיך פשוט אין יעדען אבר.

דער הימעל איז בלאה און קלאר ווי קרישטאל. מען זעהט נישט ווייט און פרייט קיין שום וואָלקענדעל. א לייכט ווינטעלע בלאזט צווישען די ביימער און מאכט די ווארמקייט נאך אנגענעהמער.

די ביימער אין אונזער נאָ־טען זענען פול בעלאָדען מיט עפעל, בארען און פלוימען. אט אט הייבען זיי שוין אן אָבצופאלען, האלב־צייטיגע, מיט שווארצע קערליך. ס'איז נור א שאר. וואס היינט אין די נ'ין טעג טאר מען נישט מאכען קיין „שהחיינו". אז נישט וואלט שוין נישט איינע פון זיי געלעגען אין מיין מויל.

ס'איז א פ־ייער טאָג, מען געהט נישט אין חדר. מען טאר נאר נישט לערנען. מיר יונגליך לויפען ארום פוסטע־פאס, רייסען „בערליך", כדי מיט זיי צו ווארפען בשעת די קינות — און מיר וועגען פרייע פיינעל...

אָבער צופריעדען, לוסטיג זענען מיר נישט. נישטא די פ־עהליכקייט פון א ל"ג־בעומר, ערב שבועות, אדער אפילו ערב־ראש־השנה. די שאָטענס אין דעם קומענדען טרויער־טאג בעדריקען אונזערע יונגע הערצער און ווען־נישט־ווען דערמאנען מיר זיך שטיקלעך פון „מדרש איכה", פון „קמצא־בר־קמצא", וואָס דער רבי האט מיט אונז שבת־חזון געלערנט...

אומעטיג, לאנגווייליג שלעפט זיך דער טאג, די שעה'ן ציהען זיך אהן אנ'אויפהער. מיר האבען שוין פ־לע קעשענעס „בערליך", מיר האבען שוין ארויסגעזוכט די אלטע פערשימעלטע קינה'לעך און די אלטע האלב־פערפוילטע סאנטאפעל, וואס זענען געבליעבען פון לעצטען יום־כפור — איצט דרעהען מיר זיך ארום, ווי עפיס פאר א לויה, ערווארטענדיג אט־אט זאל מען שוין א־ויסט־אנען דעם בר־מינן און מיר זאלען גרינגער מאכען אונזערע הערצער דורך טרעהרען...

וואו־נישט־וואו הערט זיך א יונגעל ברומען אין גאס אונטער דער נאז „איכה ישבה בדד", „אני הגבר ראיתי עני", אדער „אלי ציון ועריה". און באלד האפען עטליכע קינדער'שע קול'לעך אונטער דעם טרויערינען נינון און ער צעניעסט זיך איבער'ן גאנצען געסיל.

צו דער „סעודה המפסקת". לאקשען מיט פוטער אהן קעז. האט קיינער פון אונז קיין אפעטיט נישט... מיר קוקען בלויז מיט קנאה אויף די טאטעס, וואס גרייטען זיך אן צו עסען א איי מיט אש... אוי, ווען וועלען מיר שוין האָבען די זכיה דאצו!...

די זון האט זיך שוין געזעצט. דונקלע שאטענס פערהילען די גאסען. נור דארט ערגיץ וואו, ווייט אונטער'ן פארג בעווייזט זיך נאך די זון ווי א פייער־פלאמענדיגער טעלער פון זעלטענער גרויסקייט... אט אזוי האט געמוזט אויסזעהן דאס בית־המקדש דעמילט ווען די רוימער האבען עס אונטערגעצונדען פון אלע זייטען...

אין שול־הויף איז שוין פול. יודען מיט אלטע קאפעליושען, מיט אבגעריסענע קאפאטעס, מיט צערהאקטע פאנטאפעל און צעריסענע זאָקען דרעהען זיך ארום, יעדער מיט א קינה'לע אין דער האנד. מען רעדט וויינינ וואָס, מען דערצעהלט נישט קיין פאטשטען, קיין נייעס. די אימה פונ'ם חורבן דריקט אויף יעדען. גלייך ווי דאס וואלט ערשט נעכטען געשעהן...

מיט א הייזערינען קול דאווענט דער שמש מעריב פאר'ן עמוד. קוים איין לעכטיל בעלייכט נעשפענסטיש די פינסטערניש. די שטענדער'ס זענען איבערגעדרעהט, מאנכע בעלי־בתים האבען זיך מיטגעבראכט קליינע בענקעליך אדער קעסטעליך, יעדער זיצט איינגעבוינען איבער זיין קינה מיט א שטיק חלב'ען לעכטיל און ברומט נאך מאנאָטאן דעם בעקאנטען טרויעריגען נינון פון איכה...

פון צייט צו צייט וואַרפט א יונגעל אַ־אלטען יוד „בערליך" אין דער באָרד אריין... אבער ווער איז משגיח דא־ויף... ס'איז נאך בעסער ווי ווען די רוימער האָבען געשאסען מיט פייל אין בוינען...

אָבגעענדיגט די „איכה'ס", אבגעזוּמט דעם „שומרון קול תתן", צעגעהט זיך דער עולם שווייגענדיג אהיים, אָהן א „גוטע נאכט", אהן א גוט־ווארט.

אין דרויסען איז א קיהלע, לעכטיגע נאכט. פון

די ביימער קומט א גערשמאק, פשוט מחיה־נפשות. אבער יודען טארען דאפון קיין הנאה נישט האבען... שטיל געהט יעדער אהיים. לעגט זיך שלאפען אויף דער ערד, מיט א קליין קישעלע צוקאפענס.

דערווייל נעהמען זיך צוזאמען עטליכע שכנטעס ביי איינער אין שטוב, וועלכע האט א „צאינה וראינה" און קען פארליינען. אויף דער ערד זיצען זיי און פער־גיעסען טיעהרען הערענדיג די נישט־געקינסטעלטע, איינ־פאכע שילדערונגען פון חורבן בית־המקדש...

אונז יונגליך גלוסט זיך נישט צו געהן לעגען שלאפען. סטייטש, ס'איז נאך אזוי פריה. אבער בראיען טאר מען היינט נישט. דאס העכסטע, ארייגווארפען עטליכע „בערעליך" א פאריבערגעהענדיג מיידעל אין די האר אריין, וועלכע זי האט פערגעסען צו פערבונדען מיט א פאטשיילע...

אבער שא, שטיל, וואס איז דאס? פון עק גאס, פון רבקה'לע דער אלמנה'ס דירה הערט זיך עפיס א שפיעלען פון א פידעל! אים תשעה־באב אויף דער נאכט!

איהר תכשיט איננאצ'יל איז עס, וואס שפיעלט! פאר צוויי יאהרען איז ער נאך געוועזען א חבר מיט אונז, געלערנט אין איין חדר. היינט איז ער א סטודענטיל, בעזוכט דאס גימנאזיום, שטודירט לאטיין און ס'פאסט איהם נישט מיטצומאכען אלע יודישע „צערעמאניעס"...

און דוקא איצט, תשעה־באב נאך די קינות, האט זיך איהם פערגלוסט צו שפיעלען!... ווען ער זאל ווענינסטענס שפיעלען עפיס א קליוואנער, א טרויעריג, אומעטיג ליעדעל, וואלט נאך געוועזען צו דערלייד'ן — אבער דער שנץ שפיעלט דוקא לוסטיגע קיפלעטס, לע־בעדיגע מארשען, גלייך ער בעגריסט מיט פרייד דעם נצחון פון די רוימער, וואס זייער לשון, דער לאטיין איז ביי איהם איצט א גאנצער יחוס...

זיין שפיעלען רייסט אונז ביים הארץ; גערען וואלטען מיר אריינגעווארפען שטיינער אין זיינע פענסטער... אבער ברושקא דער הונד שטעהט פאר דער טהיר, און יאשיק דעם סטרוש'ס שניץ, דרעהט זיך אין גאס... היינט, אים תשעה־באב, האבען מיר פאר דעם הונד און פאר דעם סטרוש'ס שניץ נאך מעהר מורא ווי תמיד...

איננאצ'ן הערט נישט אויף צו שפיעלען, עס גריצט אונז אין אויער און נישט־וועלענדיג צענעהען מיר זיך, יעדער אין זיין שטוב. אבי נישט צו הערען דאס חוצפה'דיגע שפיעלען.

אין דער פריה שטעהען מיר אלע, גרויס ווי קליין, יונג ווי אלט, אין דערזעלבער אומעטיגער שטימונג. מען וואשט זיך נישט דאס פנים, מען זאגט נישט קיין קריאת־שמע און מען קושט נישט קיין ציצית...

באלד הייבען מיר זיך אן צו קלויבען אין שוהל אריין, מיט אראבגעלאזטע נעז, מיט פערזויערטע פנים'ער. מען הערט נישט א הויך ווארט, מיר זענען אמת'דיגע אבלים...

און נעבען דער שוהל בעגעגענען מיר ווידער איננאצ'ל געהען גאוה'דיג מיט די ביכער אין די הענד... ס'איז [illegible] איצט פעריען. אבער ער האט ביי דער פריפונג בעקומען פון איין ענין א „פאפ־אוועקע" און איצט נערט ער צום פראפעסאר, איבערחזר'ן די תורה, אפשר וועט עס עפיס העלפען...

זיינע אויגען פונקלען מיט עפיס א מין גאוה'קייט; אבער מיר קוקען אויף איהם מיט א מין פעראכטונג, גלייך ווי אויף יאשעק'ן דעם סטרוש'ס שניץ... אפשר איז ער נאך ארגער פון יענעם; יענער ווייסט ווענינסטענס פון זיין „פאסט", פון זיינע תעניתים. איננאצ'ל איז נישט קיין יוד, נישט קיין גוי...

די „קינות" אין שוהל רויערן ביז גענען האלבען טאג. דער עולם איילט זיך נישט. בעלי־מלאכות ארבייטען היינט נישט, סוחרים האבען אויך צייט. ס'איז די שניט־טעג. מען זעהט נישט א פויער אין שטאדט אפילו אויף א חידוש...

נאך די קינות געהט מען אויף'ן בית־עולמ'ן. מען ווארפט קנאבעל אויף די קברים — דער אומעט ווערט נאך שטארקער און טיעפער...

א היים־קומענדיג זיצט איננאצ'ל ווידער פאר דער טהיר און שפיעלט אויפ'ן פידעלע היינט ווי נעכטען, ווי אלע טאג. קיין שום חילוק...

אבער איצט פרעגען מיר נישט נאך איהם. קונדסים האבען פייל און בוינען און היידא אין וועלדעל אריין. היינט איז אונזער טאג...

שטארק לוסטיג זענען מיר דאביי אויך נישט. דאס שפיעלען איז מעהר מעכאניש. עטליכע פון אונז, די גרעסערע יונגליך, פאסטען שוין, איינער דעם אנדערן ווייזט די צונג פאר א סימן, אז ער האט נישט געגעסען, און וואס בלאסער די ליפען זענען, אלץ שטאלצער זענען זיי...

דער טאג געהט באלד אריבער. אט זענען מיר שוין ווידער אין שוהל. מען דאווענט מנחה אין טלית ותפלין, מען קושט ציצית, מען זאגט קריאת־שמע... באלד שטעהען שוין גאנצע קופקעלעך יודען אין דרויסען, צעהלענדיג די שטערען אויף דעם הימעל. אפשר איז שוין פארהאנען דריי. וועט מען מעגען דאווענען מעריב...

נאט האט געהאלפען, ס'איז שוין דא דריי שטערנדליך. מען דאווינט מעריב האפענדיג, שוין מיט ווייניגער ערנסט. נאך דער שמונה־עשרה הערט מען שוין דא און דארט א גלייך ווערטיל, א וויצעל, א געלעכטערל — געלויבט איז גאט, איבערגעקומען דעם תענית...

איילען א היים איילט מען זיך נישט. א העררליכע זילבערנע לבנה פערשפרייט איהר ווייסע קיהלע ליכטיג־קייט איבער'ן שוהל־הויף. יודען זענען מחדש די לבנה, טאנצען ביי „כשם שאני רוקד" און ווינשען זיך א גוטען חודש...

איצט געהען מיר א היים... דארט ווארט שוין אויף אונז א ברייטע סעודה. פלייש טאר מען נישט עסען ביז דעם אנדערן צו מיטאג, איז דאפאר פארהאנען א מילכ'דיגע סעודה מיט כל מיני מטעמים. קודם־כל נעמט יעדער א לעפעלע פריש איינגעמאכטס, ערשט די טעג געפרעגעלט; דערנאך קומט ברויט מיט פוטער, מיט רעטיך און מיט ציבעלע, מיט א שטיקעל קעז איינגעהאקט — און צום סוף ווארעניקעס מיט קעז געפ־ענעלט אין פוטער און איינגעטונקען אין סמעטענע — אמת'דיגע יודישע מאכלים. עס ציגעהט זיך אין א יעדען אבר.

מיר האלטען אקוראט ביי די ווארעניקעס, עפענט זיך די טהיר און ס'קומט אריין רבקה'לע די אלמנה. מיט א טעלער אין דער האנד.

מיין מאמע קוקט אויף איהר מיט פרעגענדיגע אויגען...

— רחל־לאה — זאגט רבקה'לע — איך האב אייך געוואלט בעטען איהר זאלט מיר שענקען עטליכע ווארעניקעס פאר מיין איננאצ'ילס וועגען. איך האב נישט געקאכט און דעם קינד האט זיך איצט דוקא פערגלוסט, ס'נאגט איהם אזש ביים הארץ...

— מהיכא־תיתי — ענטפערט די מאמע און וויל ביי איהר נעהמען דעם טעלער.

אבער דאן ניבט זיך דער טאטע א שטעל אויף און זאגט מיט כעס:

— פאר־וואס איז? פאר'ן שפיעלען לוסטיגע ליעדלעך אים תשעה־באב! לא מיט א גרויסער אלף. „שישו את ירושלים כל המתאבלים עליה" — ווער עס האט נישט געזאגט קיין קינות, ברויך נישט עסען קיין ווארעניקעס.

בעשעמט, מיט א אראבגעלאזטע נאז איז רבקה'לע ארויסגעגאנגען, פון אונזער שטוב.

איננאצ'ל אבער האט שוין דיעזע נאכט נישט מעהר געשפיעלט... ס'האט איהם געביך געגאנט ביים הארץ, [illegible] האט זיך געלעגט שלאפען אהן ווארע־ניקעס . . .

ק. ל.

ש. י. אימבער.

# תשעה־באב.

באנגע, שטילע, יאמערפולע
קינות און געוויינען שווימען
צו די טויערען פון הימעל
אויס דער אלטער שיהל...
אנגעזאפט איז יעדע תפילה
מיט א וועה, איין דורכגענומען,
דורכגעווייקט מיט שרעק און טומעל,
שטאר און קברים־קיהל...

קינות, בכיות, גרויזיג אלטע,
טויזענדיעהריגע גלגולים
פון א קרעכ'ץ, א גוסס'דיגען
פון א חורבן־שטארט! —
אויס פערמוטשעט־ענגע ברוסטען
פליהט איהר פלאטערדיג, צעשראקען,
מיט א מורא שעפטשען אויס אייך
ליפען בלאס, פערבלאהט...

— — — — — — — — — — —

פון די לעבט דער געלער אבשלאג
לאנערט מיט אן־אימה
אויף די גלות־זוהן, וואס קלאנען
אויף פערוועהרטע טריימע...
א פעראלטערט־גרויזער וועהמוט
האט די קעפ געבויגען — — —
און עס טריפען הייסע טרעה־ען
פון צעגליהטע אויגען — — —

— — — — — — — — — — —

...אויגען, אויגען, יודישע אויגען!
ביין פערטונקעלט, שווארץ פערצויגען
העננט א גליווריג־קאלטער הימעל
שטייף איבער מיין לעבען — — —
יודישע אויגען, יודישע טרעה־ען,
פון מיין נאכט זענט איהר די שטערן,
איהר פערטרייבט מיין יאוש־דרימעל,
מאכט מיין הארץ ערבעבען.

יודישע אויגען, הייליגע קוואלען,
וואס אין זיי אריינגעפאלען
איז אמאל א בייז געוויטער,
א גאטס־צארן־געשיקטער...
אוי, דער יוד איז אויפגעצויגען
מיט אן אומעט אין די אויגען,
שטענדיג וויינט דער אומעט ביטער,
יעדע פרייד דערשטיקט ער!

יודישע טרעהרען שמערצליך זודיג!
איהר וואשט אב, וואס מיאוס און ברודיג!
אליך, וואס איז א שאנד־ירושה
פון א צייט פון בראך...
טרעה־ען אונזערע בלוטגעמישטע,
אלט ווי דורות לאנג פערווישטע —
ווער קאן שאצען אייער קדושה!
ווער פערמאנט אייך נאך! — — —

יודישע אויגען, שווארצע ים'ען,
וויי־טאנפול און פול מיט פלאמען
פון א גליהענדיג בענעהרען,
פון א בענקשאפט מילד —
מיט א ליעבשאפט גרוים, אהן ברענען,
הייליג גוט, ווי נאטם א וענען,
יודישע אויגען, יודישע טרעה־ען,
האט איהר מיך ערפילט!

— — — — — — — — — — —

און אבל. א מיערער.
דא זינג איך אנידער
און [illegible]
דעם פער'איום'טען טאג...

א וועה טראגט אין לופט זיך,
צעוועהטוגט פערטיעפט זיך
די וועלט
אין א מבול פון קלאנ...

— — — — — — — — — —

....פערגעסען אז כ'וועל דיך, מיין ציון,
זאל ווערען פערגעסען מיין האנד...
— האט אלי'ן דען געקאנט שוין פערבליהען,
וואס ס'האט ווען געבליהט אין מיין לאנד?

.... אז כ'וועל דיך מיין ציון פערגעסען,
זאל דארען מיין טאפפערע האנד...
— תאט אלי'ן רען שוין ראיט אויפגעפ־עסען
דער וויסטער, לאנגיעהרינער בראנד? — —

אז כ'ותל ריך פערגעסען מיין מוטער,
אז כ'וועל נישט געדענקען דיין נויט —
זאל טויזענד מאל ווערען מיר ביטער
אין גלות דאס ביטערע ברויט!

זאל טויזענד מאל שרעקליכער ווערען
אין גלות מיין וועג מיר פערקעהרט,
אויב כ'וועל מיך צו דיר נישט אומקעהרען,
מיין ציון, מיין היילינע ערד!

— — — — — — — — — —

....פערגעסען אז כ'וועל ד'ך...
דערמאן נור, מיין זעעל, ריך!
העי! הארט זיין, ווער ס'וויל ווערען פריי!
ס'רערמאנען זיך ליעדער — — —
איך בענש מיינע ברידער —
און ווארט אויף א ברכה פון זיי. —

# די יודישע וועלט.

— אין נעוויסע קרייזען אין ירושלים איז מען שטארק בעאונרוהיגט פון דער מחלוקה וואס הייבט זיך אן צוליעב דער שמיטה. מען האט מורא, אז דאס זאל נישט שא־רען דעם האנדעל מיט ארץ־ישראל־וויין.

— אין ירושלים האט די פאליציי ארעסטירט א יוד פון בבל מיט'ן נאמען עזרא יחזקאל שבתי אלם א לייזינגעהער, וועלכער איז פערמשפט געווארען לויט די טערקישע געזעצען אויף דריי חדשים שווערע אר־בייט אין די גריבען פון באר־שבע. דער חכם־באשי האט גענען דעם אורטייל פראטעסטירט, ווייל שבתי איז טאקי א בטלן, אבער א למדן, זיצט ביי איהם אין שוהל און לערנט. דערווייל האט מען שוין דעם בטלן אבגעשיקט קיין באר־שבע און ער ארבייט שוין דארט.

— פון קאנסטאנטינאפאל מעלדעט מען, אז די שנאה פון די גריכען צו יודען איז דערנאננען שוין צו דעם, דאס מען האט דארט אנגעהויבען ארויסצוגנב'ענען און אבשמר'ען יודישע מיידלעך. נאכ'ן פראטעסט פון חכם־באשי האט די רעגירונג בעפוילען צו מאכען א אויס־פארשונג וועגען אזוינע צופאלען.

— אויף א דאקטוירים־קאנגרעס אין בוקא־רעשט איז בעשלאסען געווארען נישט אויפצונעהמען קיין יודען אין א קריסטליך שפיטאל.

# געדאנקען.

(מיינונגען איבער חתונה).

דער סוחר רופט די חתונה: א ריזיקאלישע ספעק־קולאציאן.

דער באנקיר: א וועכסעל, וועלכער ווערט ס'רוב פראטעסטירט.

דער מלוה: א זשירא, פאר וועלכע מען קען אלעס בעקומען.

דער אגענט: אנ'ארטיקעל, וועלכען ס'איז נישט כדאי צו האלטען אויף פעסטע רעכנונג.

דער דיפלאמאט: א שטערונג פון Status-quo ante, וועלכע פיהרט צו אוננעוועהנליכע רעוואלטאטען.

דער יוריסט: א פראצעס, פון וועלכען איין צד איז תמיד אונצופריעדען.

דער רופא: א קדחת, וועלכער פאנגט זיך אן מיט היטץ און ווארפט באלד אין קעלט.

דער אנ־אנאם: איינע פון די פיהצוכט יסודות.

דער קינסטלער: אלי'ן וואס איהר ווילט, נור נישט קיין קונסט.

דער שריפטשטעלער: א סוף פון א ראמאן און אנפאנג פון א קאמעדיע אדער פון א ט־אנעדיע.

דער בוכהענדלער: א מעשה מיט א סך הוצאות.

דער קריטיקער: א פוסטער חבור מיט א אינטע־רעסאנטע הקדמה.

דער פהילאזאף: א גן־עדן פאר דעם גוף און א גיהנום פאר די נשמה.

דער מוזיקער: א פאלשער רועט.

דער מאטעמאטיקער: א פערדאפעלטע הוצאה און א האלבירטע הכנסה.

דער אפיצער: א בעלאגערטע פעסטונג, פון וועלכע די ראטינע רייסען זיך הערויסצוגעהען און די דרויסינע פערלאנגען הערייו געהן.

ווילנא. חיי מניר ס.

# רעטהזעל.

(די געמען פון די אויפלעזער ווערען פער־עפענטליכט).

פון די אותיות:

א ב ה ו ז ה ח ט ט י י ל ל מ נ נ נ ן ם ס
ע ע ע ע פ ף ד ר

זאלען געבילדעט ווערען 7 ווערטער מיט פאלגענדער־בעדייטונג: 1) א ביבלישער נאמען; 2) א צאהל; 3) א פארב; 4) א צאהל; 5) א חודש; 6) א מענער־נאמען; 7) א העברעאישער נאמען. — די אנפאנגס־בוכשטאבען פון דיעזע זיבען ווערטער בעצייכנען א לאנד, אין וועלכען ס'איז אין די לעצטע טעג'פארגעקומען א וויכטיג פאליטיש עראייגניס.

# Mineralwasser!

En gros-Versand! Export nach Russland und Rumanien!
Directe Verbindungen mit den Quellen!!
Nähere Auskunft und Preise gratis und franko!!
1) **N. Traums Sohn, Tarnów,** (Galizien).
2) **N. Traums Sohn, Kraków,** Dietelsg. 46. Tel. 869.
**Gründungsjahr 1864.**

# Verein „Israelit" in Wien

Genehmigt von der Hohen K. K. Niederosterr. Statthalterei.

## Kundmachung:

Der Verein Israelit in Wien bietet seinen Mitgliedern folgende Vorteile:

1) Heiratsstipendien für deren erwachsene Kinder ohne Unterschied des Geschlechtes.

2) Teilweisen Schadenersatz bei Elementarereignissen, wie z. B. Viehseuche, Ueberschwemmungen, Feuer und Hagelschaden.

3) Versorgung der Familie eines Mitgliedes nach seinem Ableben.

4) Erteilt der Verein seinen Mitgliedern Unterstützungen in allen kritischen Lebenslagen.

Wer sich für den Verein im eigenen Interesse oder zwecks Empfehlung von Mitgliedern aus seiner Ortschaft interessiert, wende sich an den

**Ausschuss des Vereines Israelit in Wien II.**
**Miesbachgasse Nr. 12.**

# העברעאישער פערנאונטעררִיכט.

דורך מיינע 32 קונסטפאלע העברעאישע אונטעררִיכטס־בריעפע וועלכע איינען גרויסען טהייל דער העברעאישען ליטעראטור אין פראזא און פאעזיע אונד די גאנצע גראמאטיק אין פעדאגאגישער איבונגען ענטהאלטען קאן יעדערמאן דיא העברעאישע שפראכע אין קורצער צייט לייכט אונד גרינדליך אין ווארט אונד שריפט ערלערנען. האבע הונדערטער דאנקזאגונגען פאן שילערן.

פראספעקטע גראטיס. פראבענומער 1 קראנע אין מארקען. אויך אויסלענדישע

**S. Walkowski, Krakau, Miodowa 16**

# אלטער הארנער

קאנצעסיאניערטער שטיינמעטצמייסטער

## לאגער פון מצבות

אוים מארמאר, גראניט און סיעניט.

**A. HORNER, Krakau, Methgasse 37.**

איין 8 פפערדינער

# גאז-מאטאר

(סיסטעם לאנגען עט וואלף) אין גוטעם צושטאנדע זאפארט בילינ צו פערקויפען. אויס קונפט אין דער רעדאקציאן ריזעם בלאטעס אונטער „מאטאר".

Im Verlage von **F. Simon, Berlin W. 62**



sind erschienen und à **25 Pf.** zu beziehen:

**12 Hefte von Simon's kaufmännischer Universal-Bibliothek**

1. Das Wesen der Buchführung speziell des amerikanisch. Systems
2. Praktische Rechenvorteile
3. Das Geheimbuch und die Detailgeschäftskontrolle (Umwandlung der einfachen Buchführung in die doppelte)
4. Stellenbewerbungs-Korrespondenz mit vielen Bewerbungsbriefen
5. Privat-Buchführung für Chef, Kommis und Lehrling
6. Briefschreibekunst
7. } Markt-Berichte und Erklärung der Waren-
8. } börse
9. } Prozesskunde mit Formularen (1 und
10. } 2 Teil)
11. Verjährung
12. Hypothekenwesen.

**Jedes Heft 25 Pfg.**
und inklusive Porto 28 Pfg. — 34 h. — 17 Kop

**Wechselwesen und Wechselrecht** einfach und übersichtlich 75 Pfg.

**Die einfachste Buchführung** für die speziellen Bedürfnisse des Kleinhandels bearbeitet vom gerichtlichen Bücherrevisor **Ferdinand Simon.** Das praktischste Buch dieser Art. Preis nur 1 M.

**Kalkulations-Wesen** Separat-Abdruck aus meinem Buche »Gründliche Unterweisung« 1 M.

**Bankier u. seine Kundschaft 1,50 M.** (Erklärung der Diskont-, Devisen-, Börsengeschäfte etc.)

Der Versand erfolgt franko, gegen Voreinsendung des Betrages und 20 Pfg. für Porto vom Verlag:

**F. Simon, Berlin W. 62.**

יפה תלמוד תורה עם דרך ארץ!

# גימנזיום עברי

**Jüd. Pr.-Gymnazyum des Dr. Jung,**
**Storozynetz** (Bukowina).

גרינדליך אונד ערפאלגרייכער אונטעררִיכט אין אללען לעהרגעגענשטענדען דעם גימנאזיומס אונד דער יודישען ליטעראטור תנ"ך, רש"י, גמרא, שלחן ערוך וכתב ולשון עברי; אינדיווידועללע, שטרענגרעליגיעזע ערציהונג! גלענצענדע רעזולטאטע: לייטער דער העברעאישען פעכער: הה"ג מו"ה משה דוד גראס לפנים רב בק"ק לוצערן (שווייץ) מח"ס דע מה שתשיב.

אין דען מאנאטען יוני, יולי, אויגוסט פארבערייטונגסקלאססע ראמזועלבסט!

**Die Leitung**: אויסקונפט ערטיילט

# HOTEL-RESTAURANT
# Rosenthal
**Lemberg,**
**Rzeźnicka.**
Telefon Nr. 1314.

# זיכערע הילף געפינט יעדער

אין האפראט פראפעסאר דאקטאר מ. גרובערים בעריהמטען ביכעל

## „דאס געשלעכטסלעבען"

אײנפאך יודיש בעארבייט

סיענטהאלט: דאס היילען פון אלערליי מענערקראנקהייטען און אונאני (א געהיימע ליידענשאפט ביי יונגע מענשען, פאר א בחור זעהר וויכטיגע עצות. אויסגעצייכנעטע מיטעל פאר יונגע לייט

פראנקא פאר 1.10 קראנע (50 קאפ.) אין פאראויס.

ביי: H. Frankel in Gwoździec, (Galizien)

# Menachem Pidhoretz

Hochzeitssanger (בדחן)
GRODEK JAGIELLONSKI

עמפפעהלט זיך אויף אללער ארט חתונות אונד גאראנטירט פיר בעסטע צופריעדענהייט.

האנאראר (שכירות) מעססיג.
אויף יעדער אנפראגע ווירד גלייך בעאנטווארטעט.

Spezial-Verkehr nach Süd-Russland.
**N. Katzner,** Spedition u. Kommission
Podwoloczyska, Woloczysk, Brody und Radziwilow
Feste Durchfrachten von und nach Russland.
Export von Holzwolle, Eierkistenbrettern u. Sensenwetzsteinen
**Steinkohlen. Antracit und Koks.**
Tee in Originalpaketen mit kais. russ. Kronsbanderolle.

# 10.000
# הויזהאל-טונגעז

בענוטצען בערייטס די פאטענט בוטטער „מאנאפאל".

ריינע בוטטער איזט דער נאטורבוטטער צו יעדער בעציעהונג גלייך יעדאך בעדייטענד ביללינער. קיינע הויזפרוי פערזיימע איינען פערזוך דאמיט צו מאכען. וואו פאטענט בוטטער נישט פאהאנדען איזט ווענדע מאן זיך דירעקט אן דער

I. Oesterr.
**Pat. Butterfabrik „MONOPOL"**
Krakau, Jasna 8.

פרייז פער $\frac{1}{2}$ קילא קרא. 1.20.

# עפילעפסיע.

ווער עס אן פאללזוכט, קרעמפפען א. אנדערע נערוועזען צושטענדען ליידעט, פערלאנגע בראשירע דאריבער. ערהעלטליך גראטיס א. פראנקא דורך די

**Privil. Schwanen-Apotheke Frankfurt a. M.**



Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie